# סוף פסוק...

געבוירן, געלעבט, געשטאָרבן.

די דריי ווערטער — אַ אוניווערסאַלע ביאָגראַפיע, גילטיק פאַר אַלעמען, אָבער טאַקע דערפאַר איז זי ווי אַ טאַנדעטנע היטל, מאַסן־פּראָדוקציע, פּאַסט יעדן איינעם און זיצט פאַרט אַ פרעמדע אויפן קאָפּ. ערשט ווען איינער טראָגט זי לאַנג געניטש, מאַכט זיין אייגענעם קנייטש, ווערט די היטל זיינע.

„געבוירן". וואָס פאַר אַ קנייטש קען דאָ זיין?

עס קען. געבוירן ו ו א ו?

ה. (חיים) רויזענבלאַט איז געבוירן געוואָרן אין דאָרף ריסאָשע, קאַמענעץ־פּאָדאָליער קרייז, אין אוקראַינע. געבוירן געוואָרן דעם 15טן מאי 1878 און געלעבט דאָרט סך־הכל אַכט יאָר. זיבעציק יאָר איז ער געווען אַוועק פון ריסאָשע, אָבער די ערשטע אַכט יאָר האָבן געמאַכט אַ קנייטש, וואָס די זיבעציק יאָר נאָך דעם האָבן ניט געקענט אויסגלייכן. אַכט יאָר בלויז אין ריסאָשע, און צו זיבעציק יאָר שרייבט ער „היימיש ברויט", אַ ליד אין וועלכן הערש ריסאָשער (זיין פאָטער) זאָגט:

בײ אונדז אין דר'היים
איז אַנדערש, ברויט איז ברויט!
און דאָ? — איך זאָל ניט זינדיקן מיט מיינע רייד —
ליים! (אין שאָטן פון מיין בוים)

אמת, דאָס זאָגט זיין טאַטע, ניט ער. כאַראַקטעריסטיש איז אָבער, וואָס אין זיין שרייבן האָט ער זיך אידענטיפיצירט מיט זיין פאָטער. זיין אייגענער נאָמען איז געווען חיים, אָבער אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע לידער — און ער האָט זיי אַ שפּאָר ביסל — איז ער מערסטנס — הירשל. (זע „הירשל ווערט נתגלה).

דער נאָמען ה. רויזענבלאַט, ניט חיים, שטאַמט אפשר פון „אַמעריקאַניזאַציע". חיים איז „גרין", געווען אפילו אַזאַ קאָמעדיע אויף דער יידישער בינע „חיים אין אַמעריקע", וויל מען זיך „אויסגריבען", איז עס היימי, העברי און, אָפּגע־דרוקט די ערשטע פאַר לידער אונטערן נאָמען ה. רויזענבלאַט, האָט ער שוין געזשאַלעוועט אַרויסוואַרפן דעם „ה" פון סידור . . . איז דער נאָמען א י ב ע ר די לידער טאַקע דער אַמעריקאַנער ה. רויזענבלאַט, אָבער א י ן די לידער — אוקראַינע, ריסאָשע, „הרודעס", „ליים", „ערד" — אַלץ ביכער פון ריסאָשע, וועגן דעם מילנער אלקנה מיט זיין ווייב יוכבד (הערש און דאָבריש, זיינע טאַטע־מאַמע), וועגן זיידעס, באָבעס, פעטערס, מומעס, אַלע דאָרפס־יידן.

**הערש רויזנבליט, מילנער בן מילנער, קומט קיין אַמעריקע, ווערט אַ פּרעסער, זיין ייִנגל, חיימל, ווערט אַ פאַרסטריגע־ציִער אין דעם זעלבן שאָפּ. דעם טאַטן איז די אַרבעט ניט ניחא, חיימלען אויך ניט.**

די שטראַלן פון דעם גאָלדענעם פֿאַרטאָג האָט אויסגעביטן חיימל
אַף נאַרישע פאַרסטריגעס, וואָס ער ציט און ציט;
אַף פלעכטלעך וואַטע, שפּינוועבס פליגן, שטויב און רויך
האָט אויסגעביטן חיימל פון דאָרף דעם קאָרשן־צוויט.

**(מיין ליכטיקע נסיעה)**

**קאָרשן־צוויט איז אוודאי שענער פון פאַרסטריגעס, אַ מילנער צו זיין איז בעסער ווי אַ פּרעסער, אָבער בעת דער מילנער־פּרעסער קען זיך ניט העלפן, ער מוז שטיין און פּרעסן, קען דער יונגער חיימל זיך יאָ העלפן — מיט אַ . . . חלום פון אַ ליד.**

ער כאַפּט זיך צו צום דרימל, חלומט, כאַפּט זיך אויף,
אָ, טאַטע, טאַטע! הער אויף קלאַפּן! לאָז זיין שטיל!
עס שפּראָצט ביי מיר אין האַרצן אַ ליד... אַ תּיקון אפשר? האַ?
פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר אונדזער אַלטער וואַסער־מיל?

**(מיין ליכטיקע נסיעה)**

**דאָ קומט שוין אַריין דער „קנייטש" אין דעם „געלעבט". דאָס ליד, וואָס האָט געשפּראָצט אין האַרצן, קומט אַרויס:**

איך בין דיין זון, דעם מילנער׳ס זון,
און פּראָסט ווי דו און דיינע.
מיין לשון ברייט — פּאָדאָליער סטעפּ,
און פּשוט ווי אוקראַינע.

**(מיין ליכטיקע נסיעה)**

**פון וואַנען איז געקומען צום מילנערס זון די תשוקה צו שרייבן לידער? דער טאַטע, דער מילנער, ווייסט גאָר ניט „מיט וואָס מ׳עסט עס", ער פרעגט ביים פּראָוויזאָר וואָס מיינען אָט די אַ „דריבנע, קורצע שורהלעך". די מאַמע, זי האָט אפילו אין דאָרף געלייענט ראָמאַנען און געוויינט, חידושט זיך אויך: ווי קומט עס צו איר ייִנגל?**

אין די זומער נעכט, די ווייסע,
האָט די מיל גערוישט, געזשומעט,

און דאָס וואַסער, אינעם מיל־ראָד,
איז פאַרגאַנגען זיך אין אומעט.
און אין ווינטער־נעכט, אין קאַלטע,
פלעגט דער ווינט אין קוימען כליפּען,
און דער עמער אויפן דרענגל
פלעגט ביים ברונען קרעכצן, סקריפּען . . .
אפשר דאָס זאָל זיין דער ניגון ?
וואו איז ער געווען ביז איצטער ?
און פאַרוואָס האָט ער געשוויגן ?
לידער, ווייסט יוכבד, זינגט מען.

**די מאַמע . . . זיינע האָט געאָנט, הגם נ י ט געוואוסט, אויך איר יינגל האָט ניט געוואוסט פון וואַנען דער ניגון איז צו אים געקומען, עס האָט זיך אָבער געזונגען. ער איז געזעסן גאַנצענע נעכט, פאַרשריבן בייגעלעך פּאַפּיר, און אין יאַנואַר 1900 איז „הירשל נתגלה געוואָרן״. צוויי לידער זיינע זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „פאָרווערטס״. אָט דאָס, אָ האָט געמאַכט גאָר אַ טיפן קנייטש אין זיין לעבן.**

**דאָס ציען פאַרסטריגעס האָט ער לאַנג שוין אויפגעגעבן. אין ריסאָשע נאָך האָט זיינער אַ מלמד, גבריאל „דער מלאך״, אים געלערנט שיין שרייבן, צייכענען, מאָלן, האָט ער זיך גענומען צום מאָלן שילדן. אַ האַנט־שריפט האָט ער דאָך געהאַט אַ פּערלדיקע, טאָ פאַרוואָס ניט מאָלן שילדן ? ער האָט דאָס אָבער אויך אויפגעגעבן. ער האָט זיך שוין פאַרנומען מיט טראָגן צייטונגען אינדערפרי און נאָכדעם געגאַנגען אין שול, שטודירן אויף לערעריי. אָבער ווי קען ער ווערן אַ לערער, אַז אין שופלאָד ליגן אַזוי פיל לידער ? און ניט נאָר לערעריי, קיין אַנדער פּראָפעסיע האָט זיך צו אים ניט געקלעפּט אין משך פון זיין גאַנצן לעבן — געהאַט האָט ער זיי אַן ערך פופצן — און אַלץ צוליב . . . די לידער.**

— יוכבד, — ברומט אלקנה, — אונדזער תכשיט גייט אויף שלעכטע וועגן !
פון לידער, זאָגט מיר דער פּראָוויזאָר, האָט מען מער ניט ווי קדחת.
**(ליים)**

**און ניט נאָר דער פּראָוויזאָר, דער לידער־שרייבער גופא ווייסט אַז פון לידער ווערט מען ניט נתעשר.**

זיי האָבן אוצרות אָפּגעשפּאָרט,
און ער, דער נאַר, — אַ ליכטיק וואָרט. **(מיין ליכטיקע נסיעה)**

**ער האָט אָבער געוואָלט בעסער בלייבן אַ נאַר . . . אַבי דאָס וואָרט זאָל זיין לויטער, קלאָר.**

וועגן וואָרט, וועגן ליד האָט ער אַ היפּש ביסל לידער . . . און זיין וואָרט איז געווען און פאַרבליבן דאָס ייִדישע וואָרט.

ביים וואויל־געלערנטן פּראָוויזאָר איז דאָס אַ טשיקאָוועסט, גלאַט אַ חידוש,
אַ ייִנגל, אין אַמעריקע, זאָל זיך פאַרנעמען גאָר מיט שרייבן גראַם . . .
אויף ייִדיש! (ליים)

ניט נאָר דער „וואויל־געלערנטער פּראָוויזאָר", אויך אַנדערע האָבן זיך געחידושט וואָס ה. רויזענבלאַט, געקומען קיין אַמעריקע אַ יונגער ייִנגל, איז געוואָרן אַ ייִדישער דיכטער. טוט מען אָבער אַ קוק אויף דער צייט, ווען ער איז געקומען, פאַרשפּאָרט מען זיך חידושן. אין די ערשטע ניינציקער יאָרן, ווען ער איז געקומען, אין דער סביבה אין וועלכער ער האָט געלעבט, אין שאַפּ וואו ער האָט געאַרבעט, אין דעם געגנט וואו ער האָט געוואוינט, האָט גאָר אַנדערש ניט געקאָנט זיין. זיין מוסטער פּאָעט איז געווען זיין . . . שכן, מאָריס ראָזענפעלד. ער איז שוין געווען דער באַרימטער פּאָעט, ער האָט אָבער געהאַט אַ שוואַכקייט פאַרלייענען זיינע לידער פאַר יעדן איינעם וואָס איז געווען וויליק אויסהערן, און דער יונגער רויזענבלאַט האָט ניט נאָר זיך גוט צוגעהערט, ער האָט אפילו געפּרוּווט נאָכזינגען. צום גליק האָט ער זיך גיך באַפרייט פון דער ראָזענפעלד־ווינטשעווסקי השפּעה. געהאָלפן דערצו האָט, צווישן אַ סך אַנדערע סיבות, אויך די ענגלישע שפּראַך.

דאָס שטודירן אויף לערעריי איז ניט געגאַנגען לאיבוד. ענגליש איז געווען די איינציקע וועלטלעכע שפּראַך וועלכע ער האָט געלערנט, געלייענט. די ענגלישע פּאָעזיע האָט געהאַט איר ווירקונג אויף אים. אין 1900 האָט ער אָפּגעדרוקט זיינע ערשטע ייִדישע לידער, און אין זעלבן יאָר אָפּגעדרוקט אַן איבערזעצונג פון לאָנגפעלאָוס „דער רעגנדיקער טאָג"; אין 1904 האָט ער שוין אָפּגעדרוקט אין „צוקונפט" די איבערזעצונג פון „דער ראַב" פון ע. א. פּאָו; אין 1908 האָט ער אָפּגעדרוקט די איבערזעצונג פון אָסקאַר ווײַלדס „באַלאַדע פון רעדינגער געפענגעניש" ווי „אַ געזאַנג פון תּפיסה" (פרייַ איבערזעצט). אויך טהאמאס הוד'ס „דער חלום פון יודזשין אראם". די השפּעה פון דער ענגלישער שפּראַך זעט מען דער עיקר אין זיינע באַלאַדן. די עטלעכע און זעכציק יאָר אין אַמעריקע האָבן אוודאי געהאַט אַ השפּעה אויף זיין שרייבן, דאָס זעט מען פון זיינע פילע אַמעריקאַנישע לידער, און פינף און דרייסיק יאָר קאַליפאָרניע האָבן אויך געהאַט אַ ווירקונג. האָט ער דאָך אַזוי פיל לידער וועגן ים, מדבר און טאַקע בפירוש קאַליפאָרניע. און דאָך, מער פון אַלץ האָט געווירקט — ריסאָשע!

מע האָט אָפט פאַרגליכן ה. רויזענבלאַטן מיט יוסף ראָלניק,ביידע זיין פון מילנער, ביידע האָבן געזונגען פון „דאָרטן". געווען אַ ענלעכקייט צווישן די צוויי דיכטער, אָבער אויך אַ שאַרפע אַנדערשקייט. ראָלניק האָט זיך אָפּגעשלאָסן פון

דער וועלט אַרום אים, געקוקט כסדר אויף דער מיל פון זיינע קינדער־יאָרן, אָבער געקוקט מיט אויגן פון אַ דערוואַקסענעם. ביי רויזענבלאַטן שפּילט די מיל אַ קנאַפּע ראָלע, ער דערמאָנט זי קוים; פון דער וועלט האָט ער זיך ניט אָפּגעשלאָסן, ער האָט אָבער געקוקט אויף איר מיט קינדערישע אויגן.

איך וועל נאָך אַלץ נתפּעל
פון יעדער מינדסטער זאַך;
פון שמעטערלינג אין גאָרטן,
פון בושעל אויפן דאַך.

איך בענק נאָך היינט ווי נעכטן —
בשעת די זון פאַרגייט;
אין פרילינג, ווען עס רעגנט,
אין ווינטער ווען עס שנייט.
(אין שענצטן טאָג פון האַרבסט)

דער שמעטערלינג, דער בושעל, דער פרילינג־רעגן, דער ווינטער־שניי, דאָס איז ניט לאָס אַנגעלעס קאַליפאָרניע, דאָס איז ריסאָשע אין אוקראַינע. און דאָס דערמאָנט ניט אָן יוסף ראָלניק, נאָר אין חיים נחמן ביאַליק. אויך ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ אוקראַינער דאָרף. שרייבט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפישן „ספיח״:

ריכטיק האָט מען געזאָגט אַז אַ מענטש זעט און באַנעמט זאַכן בלויז איין מאָל — אין זיין קינדהייט. אַלע מראות פון הימל און ערד, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זען אין מיין לעבן, זיינען געקומען פון אָט דעם ערשטן מאָל זען . . . ווען איך גיי פאַרביי אַ פעלד, ווייס איך ניט פאַרוואָס, נאָר עס שפּראָצט אויף פאַר מיינע אויגן די מראה פונם גרינעם פעלד ווי איך האָב עס צום ערשטן מאָל געזען אין מיין דאָרף . . . צייטנווייז דוכט זיך מיר אַז דאָס דאָרף, ווי איך זע עס אין מיין דמיון, איז גאָר ניט געווען . . . דאָס איז ניט מער ווי אַ חלום . . . אָבער אויב דאָס איז אַ חלום, איז ביטאָ קיין מער אמתדיקס ווי אָט דער חלום. און מיר איז קלאָר אַז . . . ווען עס וועט קומען מיין לעצטע שעה וועלן אַלע מיינע קינדער־זעאונגען קומען צו מיר ווי איך האָב זיי געזען אין דעם פרימאָרגן פון מיין לעבן . . . און צוזאַמען מיטן ליכט פון מיין לעבן וועלן זיי אויסגעלאָשן ווערן אויף אייביק.

ניט אויסגעשלאָסן אַז אויך פאַר ה. רויזענבלאַט׳ס קינדערשע אויגן האָט אין דער לעצטער שעה פון זיין לעבן זיך באַוויזן ריסאָשע, מיט דער זון, דעם הימל, און מיטן גרינס פון דאָרף, זיך באַוויזן און פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט אים.

מיר קומען דאָ צום לעצטן פונקט פון דער . . . אוניווערסאַלער ביאָגראַפיע,

צום — „געשטאָרבן". שטאַרבן איז באַנאַל, טויט איז זיכער אַ טאַנדעטנע היטל, זי פּאַסט יעדן איינעם, און דאָך קען מען אפילו אין ד ע ר היטל אויך מאַכן אַן אינדיווידועלן קנייטש. איך רעד ניט וועגן זעלבסטמאָרד. פאַר אַ דיכטער קען טויט זיין ניט נאָר אַן ענין פון שטאַרבן, נאָר אויך אַ טעמע צום שרייבן, און וויפל קנייטשן־וואַריאַציעס מ'קען מאַכן אין אַט דער טאַנדעטנער היטל!

ה. רויזענבלאַט האָט עס געטון. אין די פריערדיקע צוויי ביכער, „אין שאָטן פון מיין בוים" און „אין שענצטן טאָג פון האַרבסט", זיינען דאָ אַ שפּאָר ביסל לידער וועגן טויט, און אין דעם איצטיקן בוך „פאַרנאַכט" פאַרנעמט טויט אַ וויכטיקן פּלאַץ.

וועגן דעם בוך „פאַרנאַכט".

די עטלעכע ווערטער דאָ זיינען ניט קיין הקדמה צו דעם בוך. אַן הקדמה איז אפשר גוט ווען מע פירט אַריין אַ יונגן שרייבער אין דער ליטעראַטור, דער עלטערער שרייבער שטעלט אים פאָר פאַרן לייענער. ה. רויזענבלאַטן דאַרף מען ניט פאָרשטעלן. עס איז, דאַריבער, ניט קיין הקדמה, עס איז סוף פּסוק . . . די עטלעכע ווערטער זיינען פּשוט אַ דערקלערונג.

דאָס בוך האָט געזאָלט אַרויסגיין אָנהייב 1958 צו זיין אַכציקסטן געבוירנטאָג. דער ה. רויזענבלאַט קאָמיטעט, וואָס האָט זיך מתעסק געווען מיט זיינע פריער־דיקע ביכער, האָט עס געזאָלט אַזוי אַרום פּראַווען זיין אַכציק־יאָריקן יובל. אין יאַנואַר 1956, ווען ה. רויזענבלאַט איז פאַרשלאָפט געוואָרן, האָבן די עטלעכע מענטשן פון קאָמיטעט זיך צוזאַמענגערעדט: אפשר דאַרף מען זיך צואײַלן, אַרויסגעבן דאָס בוך בעוד יום . . . אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען ער איז גע־קומען פון שפּיטאָל אַהיים, האָט מען מיט אים אַ רעד געטון וועגן דעם, און זיין ענטפער איז געווען: איך קען וואַרטן.

האָט ער טאַקע געגלויבט אין זיינע כוחות? קען זיין.

דער טאַטע איבער זעקס פוס הויך און האָט צוויי אָדערדיקע הענט
ווי סוקעוואַטע צווייגן פון אַן אַלטן דעמבענע בוים
און האָט אַריינגעלעבט שיר ניט ביז ניינציק יאָר.
מיין זיידע, מיר צו לאַנגע יאָר,
אַ הויכער ייד, אַ ברייטער,
צו ניין און אַכציק פלעגט ער נאָך
זיך דראַפּען אויפן לייטער.

(מיין ליכטיקע נסיעה)

אַ פּאָר חדשים האָט עס אויסגעזען אַז זכות אבות וועט אים ביישטיין, ער האָט געקומען אַרומגיין, אַרויסגיין צווישן מענטשן, אַ געזונטער מענטש. באַלד איז ער אָבער ווידער אַוועקגעפאַלן. אַ צווייטע האַרץ־אַטאַקע. ווידער האָט מען

מיט אים אַ רעד געטון וועגן אַרויסגעבן דאָס בוך, און ווידער האָט ער געענט־פערט: איך קען וואַרטן. האָט ער געהאַלטן דאָס בוך פאַר אַ משכן? כל זמן אַ מענטש איז עוסק בתורה האָט דאָך דער מלאך המות קיין צוטריט . . .

ער האָט עוסק געווען בתורה, נאָר

איצט ביים סאַמע „ת״ שוין<br>
זיך אומגעקערט צום „אלף״,<br>
די זון פאַרגייט אין מערב —<br>
אַ בלוטיק רויטער חלף . . .

דינסטיק, דעם 29טן מאַי, האָט דער בלוטיקער חלף אַ פאָכע געטון . . .

דער ה. רויזענבלאַט קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אַרויסגעבן דאָס בוך צו זיין יאָרצייט און מיר איבערגעגעבן די אַרבעט צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק.

ניט ווייל איך בין אַזאַ מומחה אין פּאָעזיע. ביי די פריערדיקע ביכער, אויב איך האָב נאָר געהאַט כוח, האָב איך אים אַרויסגעהאָלפן מיט לייענען קאָרעקטור, אויסשטעלן דאָס בוך. גאַנץ אָפט האָט מען זיך מיישב געווען, אַמאָל אפילו זיך געאַמפּערט איבער אַ וואָרט. דאָס מאָל איז שוין ניט שייך געווען זיך מיישב זיין, איך האָב געמוזט זיך משער זיין וועלכעס וואָרט וואָלט געווען דאָס ענדגילטיקע. דאָס בוך איז געווען צוזאַמענגעשטעלט, די לידער אויסגעסדרט, מער ניט, כמעט פון יעדן ליד איז געווען מער ווי איין קאָפּיע און די קאָפּיעס האָבן ניט געשטימט ג ע נ ו י.

די לעצטע צייט, ווען איך האָב אים אַ פרעג געטון: שרייבט עפּעס? איז זיין ענטפער געווען: שרייבן, שרייב איך זייער ווינציק, אָבער איך ל אַ ט ע, בייט דאָ אַ וואָרט, דאָ אַ שורה. צי איך מאַך בעסער ווייס איך ניט, אפשר מאַך איך קאַליע, אָבער איך טו עס סיי ווי.

ער האָט פאַרריכט ניט נאָר לידער, וואָס ער האָט געגרייט צום דרוקן, נאָר אויך לידער וואָס זיינען שוין געדרוקט געוואָרן, געביטן ניט נאָר אַ וואָרט אָדער אַ שורה, נאָר אויך די פאָרם, און איך האָב זיך געדאַרפט משער זיין וואָס וואָלט געווען ז י י ן ענדגילטיקער אויסקלייב. קאָווירן אַז מיין השערה איז די ריכטיקע קען איך ניט.

אין דעם בוך זיינען אַריין בלויז די לידער וואָס ער האָט געשריבן אין די לעצטע פאָר יאָר. עס זיינען דאָ אַ צאָל לידער פון זיין גאָר ערשטן פעריאָד פון שרייבן, וואָס ער האָט נ י ט אַריינגענומען אין זיינע פריערדיקע ביכער. ריידנדיק אַמאָל מיט אים וועגן נ. ב. מינקאָוו, זיין פאַרשערישער אַרבעט וועגן דער יידי־שער ליטעראַטור דאָ אין אַמעריקע, האָט ער מיר געזאָגט: דער מינקאָוו! פון אונטער דער ערד גראָבט ער דיר אויס לידער. וואָס דאַרפט איר מער? מיר אַליין דערמאָנט ער מיינע לידער, וועלכע איך האָב שוין לאַנג פאַרגעסן און וויל

זיי ניט געדענקען. מהאי טעמא זיינען די לידער ניט אַריין אין דעם בוך. איך האָב יאָ אַריינגענומען דאָס ניט פאַרענדיקט בוך „ערד״.

ווען ער האָט אַרויסגעגעבן דאָס בוך „ליים״ האָט ער געשריבן:

„. . . איך וויל אויך האָפן אַז מיר וועט זיך איינגעבן דורכצופירן מיין פּלאַן ווי איך האָב מיר אים לכתחילה אָנגעצייכנט — „הרודעס״, „ליים״ און „ערד״. אין לעצטן בוך וויל איך פּרוואוון אויפנעמען דאָס לעבן וואָס באַזירט זיך טאַקע אויף אייגענער ערד, אויף די יסודות פון אייגענער ערלעכער פּראַצע — אייגן ברויט און פרייהייט.״

דאָס איז געשריבן געוואָרן אין 1935. פון דעמלט אָן זיינען אַרויס פינף ביכער זיינע, נאָר ניט „ערד״. ער האָט אָנגעהייבן אַרבעטן אויף דעם אָבער ניט פאַרענדיקט. האָט ער געפילט אַז ער קען ניט דורכפירן זיין פּלאַן, אַז, אין די רייד פון זיין פעטער נחמן, „מיר זיינען אויסגעוואָרצלט געוואָרן מיטן פּענק, זיך אויסגעוואָרצלט און אין ערגעץ ניט פאַרפלאַנצט ?״ איך האָב עס פון דעסטוועגן אַריינגענומען ווייל דעם פעטער בער׳ס פאַרם איז געווען „אַ שליף, וואָס האָט פאַרקניפּט די נייע מיט דער אַלטער היים, אַ רעגנבויגן בריק צווישן ריסאַשע און ניו יאָרק״. (ערד)

די מענטשן פון „ערד״ זיינען כמעט אַלע אַריבערגעטראָגן פון „הרודעס״ און „ליים״. דאָס מיינט — זיינע טאַטע־מאַמע, פעטערס, שוועסטער קינדער, אויך איינער פון זיינע דאָרפס מלמדים, ליפּע משהלע ראַזיטעס, קומט אַריין אין בוך. ער איז דאָס דער קריטיקער ליפּע רעזניקאָוו. (געמיינט משה קאַץ.) די וואָס האָבן געלייענט זיינע „הרודעס״ און „ליים״ קענען לייענען „ערד״ ווי אַ פאָרזעצונג; די וואָס האָבן ניט געלייענט, קענען עס לייענען ווי אַ זעלבסט־שטענדיקע פּאָעמע. אין „ערד״ קומט אויך אַריין הירשל — שוין ווי אַ שרייבער — די שרייבערישע סביבה פון יענער צייט. ער מאָלט אַ פּאַטעטיש בילד פון מאָריס ראָזענפעלד (לאָרבערקראַנץ), דריקט אויס זיין פאַרערונג פאַר אים, כאָטש ראָזענ־פעלד האָט אים באַהאַנדלט זייער ניט שיין. דאָס אַלעס גיט צו עטלעכע שטריכן צום פּנים ה. רויזענבלאַט.

חוץ לידער האָט ה. רויזענבלאַט אויך געשריבן עטלעכע לענגערע עסייען וועגן ליטעראַטור און עס זיינען דאָ אַ סך אָפּהאַנדלונגען וועגן איינצלנע שרייבער, פון מאָריס ראָזענפעלד, באָוושאָווער און י. ל. פּרץ ביז . . . אברהם סוצקעווער. דאָס האָט ניט געקענט אַריין אין דעם בוך, ערשטנס, צוליב טעכנישע סיבות, צווייטנס, עס וואָלט זיך ניט געגראַמט . . . זיין פּאָעזיע איז אַריין, די פּראָזע וועט מוזן וואַרטן . . .

מיטן אַרויסגעבן דאָס בוך שטעלט דער קאָמיטעט אַ מצבה דעם דיכטער און דעם פריינד ה. רויזענבלאַט. די מצבה — אַ פּאַפּירענע, אָבער ווען משיח וועט קומען וועלן די רשעים גיין איבער אַן אייזערנער בריק און זיי וועלן דערטרינקען ווערן, די צדיקים וועלן גיין איבער אַ פּאַפּירענער בריק און וועלן אַריבערגיין

**בשלום. און ניט נאָר ווען משיח וועט קומען, אויך אין אונדזער זינדיקער צייט קען פּאַפּיר אַמאָל זיך אַרויסווייזן שטאַרקער פון אייזן. ווי האָט ער געזונגען:**

אַליין — פון ערד, אַ גוף געפּעס,
דאָס וואָרט זיינס אָבער — ליכט און נס!
**(מיין ליכטיקע נסיעה)**

**און**

דאָס ליכט וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט
וועט זיך פאַנאַנדערשטראָמען,
און טרינקען וועט די ערד מיין וואָרט,
און אויפגיין וועט מיין נאָמען . . .
**(אין שענצטן טאָג פון האַרבסט)**

**און איך פאַרענדיק מיט זאָגן: אמן!**

**ש. מיללער.**

# באַשער מיר, גאָט

. . . אַ נס, ווי ווערטער פשוטע
זיך קענען אָפּט פאַרוואַנדלען,
אויף דיינע ליפּן, אומגעריכט,
אין שמעקנדיקע מאַנדלען.

דו האָסט זיי, דאַכט זיך, טועם געווען,
אוודאי אַ מאָל הונדערט,
און האָסט זיי אָקאָרשט ערשט דערזען,
דער'טעמ'ט און זיך פאַרוואונדערט:

דערוואוסט זיך ערשט, אַז וואָרט קאָן זיין:
נבואה, נס און שירה:
צוויי זילבן בלויז, אין מויל פון גאָט:
— „יהי" . . . איז ליכט, יצירה.

באַשער מיר, גאָט, דאָס וואָרע וואָרט,
און לערן מיינע ליפּן:
די קערנער גאָלד פון מדבר־זאַמד,
און פסולת . . . אויסצוזיפּן . . .

## יזכּור דער ערעפֿענערין
## פֿון דער פֿאָלקס שול.

נאָך אַ ליכטיג=ווייס געצעלט
אויף מיין וועג אַוועקגעשטעלט.
נאָך אַ שוועל און נאָך אַ טיר
פֿאַר מיין טאָרבע און פֿאַר מיר.
זאַמד און שטיינער, שטויב און ליים
איז מיין וועג וואָס פֿירט אַהיים.

ב

זיין געבענטשט זאָל יענע האַנט,
וואָס האָט זיך אָן מיר דערמאַנט
און אין פֿענסטער פֿון געצעלט
ביידערנאַכט אַ ליכט געשטעלט.
ברענט דאָס ליכט און קריינ=אַרום
שוועבט מיין וואסער חלום אום.

סעפּטעמבער, 1921. ה. רוזענבלאַט

ה. רויזענבלאַט׳ס כתב־יד.

# נישטאָ קיין פרייד קיין גרעסערע

נישטאָ קיין פרייד קיין גרעסערע
ווי איבערזינגען לידער.
דיין ליד — אַ נייער נוסח פאַר
אַן אויסגעדאַווענטן סידור.

די בלעטער אַלט און אויסגעפלעקט
פון פינגער־שווייס, און טרערן:
— דיין גאָט איז אַלט . . . הייב אויף דיין קול,
און ער וועט דיך דערהערן . . .

קאָנסט אויסנווייניק אַיעדן וואָרט,
אַיעדן אות באַזונדער,
און גאָט, דער האַר, ער קאָן דיין האַרץ,
ווי זיינע חומש־וואונדער...

זוכסט נייע סודות אין דעם אות,
און גאָט, ברוך־הוא, איז תופס
דיין זוכעניש . . . און צינדט דיר אָן
אין יעדן אות אַ מופת.

די בלעטער ווייס ווי שוים, דאָס אות —
אַ שטערנדל אין סידור.
די שורות שוואַלבן — ריי נאָך ריי.
די ווערטער — לידער! לידער!

# איך פאָר באַקענען זיך מיט גאָט

אַן אַלט־צעלעכצטער וואָגן,
געבעט מיט פרישן שטרוי.
אַ בייטש, צוויי גרויע פערדלעך;
וואַסיל, — מיין טאַטנ׳ס גוי.

כ׳פאַרלאָז איצט טאַטע־מאַמע,
דאָס דאָרף — צוליב דער שטאָט.
— ס׳איז צייט שוין, — זאָגט מיין טאַטע —
באַקענען זיך מיט גאָט.

די מאַמע ווישט די אויגן:
— מיין קינד, ס׳אַן אונטערשיד:
אין דאָרף איז מען אַ פויער,
אין שטאָט — אַ פאָלנער ייד.

אַריבער שוין דאָס בריקל,
פאַרביי די מיל, און באַלד
הייבט אָן זיך דער געדיכטער,
פאַרצווייגטער, כמורנער וואַלד.

פאַרנאַכט. דער אָוונטשטערן
אין הימל צינדט זיך אָן,
און בלינצלט דורך די צווייגן —
דעם דעמער׳ס ערשטער צאָן . . .

ער איז, ווי איך, אין בענקשאַפט,
פאַראיינזאַמט און אַליין. —
וואַסיל פייפט „וויטרי וויוט"
און איך, — איך זיץ און וויין.

די שוואַרצע כרושטשעס זשוזשען,
די זשאַבעס — קוואַ־קוואַ־קוואַק:
— הינטער יעדן שאָטן לויערט
אַ גזלן מיט אַ האַק . . .

אין יעדן קושטש באַהאַלט זיך
אַ וואָלף מיט ביסטרע ציין. —
וואַסיל פּייפט „וויטרי וויוט״
און איך, — איך הער און וויין.

און גוט איז וואָס עס טונקלט.
איך שעם זיך: טאָמער מיינט
וואַסיל, אַז אין דעם דאָרפסיונג
דאָס שטאָטיש יינגל וויינט.

אין די שלייפן טיקעט, טיקעט.
דאָס האַרץ איז טריב און שווער:
אַ שטאָט מיט פרעמדע יינגלעך,
אַ רבי — גאָט ווייס ווער?!

אַ ייד מיט כמורנע ברעמען,
אַ האַרץ פון קיזלשטיין. —
וואַסיל פּייפט „וויטרי וויוט״,
און איך, — איך הער און וויין.

נאָר גאָט איז זיך מרחם,
און כ׳דרהעמל, דרעמל איין.
עס יאָוועט זיך אַ חלום,
און קריכט אין מיר אַריין.

איך פיל אים אין די ביינער,
אין האַרץ, אין יעדן גליד:
— אין דאָרף ביסטו אַ פּויער,
אין שטאָט — אַ פּאָלנער ייד.

פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע,
דאָס דאָרף — צוליב דער שטאָט:
— ס׳איז צייט שוין, זאָגט דער חלום,
באַקענען זיך מיט גאָט.

כ׳דערזע פאַר זיך דעם חדר,
דעם רבין, אויפן טיש, —
אַן אָפענע גמרא.
איך בלעטער, מיש און מיש . . .

די געלע בלעטער פלאַפּלען:
— מיש ווייטער, מיש . . . אָט באַלד ! — — —
— וואַסיל ! מיר בלאָנזשען, דאַכט זיך,
וועסט ניט אַרויס פון וואַלד !

דאָ ווערט וואַסיל מיר געלם.
די פערדלעך — אָדלערס צוויי.
די פור — אַ גרויז שטיק כמאַרע,
און איך, — אַ קוליע שניי . . .

אַ זאַווערוכע וואָיעט.
איך הער אין איר געוואָי
אַ שד, אַ וויסטער סווישטשעט —
וואַסיל, מיין טאַטנ׳ס גוי !

עס כאַפּט מיך אָן אַ פּחד,
כ׳ברעך אויס אין אַ געוויין.
— כ׳וועל ווייגען ביזקל וואַנען
דער שניי וועט זיך צעגיין;

צעגיין אין טראָפּנס רעגן. —
האָט גאָט מיין האַר דערהערט.
דער שניי ווערט שיטער, דינער,
דער שניי האָט אויפגעהערט !

אַ רעגן, בלוי ווי שטערן,
פון הימל פאַלט און שטראַלט,
נאָר — בלייבט פאַרכישופט הענגען,
און רירט נישט אָן דעם וואַלד.

כ׳שעפּ אָן אַ הויפן רעגן,
און טו צום ווינט אַ וואָרף.
כ׳דערפיל אַ ריח גן־עדן —
דער ריח פון מיין דאָרף;

דער אַראָמאַט פון גאָרטן,
וואָס נעמט אַרום מיין היים.
איך זע דעם סאָד אין בליטן;
מיין שטיבעלע פון ליים.

ביים טויער — טאַטע־מאַמע,
פאַרבענקטע, ביידע שטיין.
אין דאָרף — די העכער קרייען:
אַ ל י י ן. אַ ל י י ן. אַ ל י י ן!

# וואַלד-מעשה׳לעך

דער קוימען זיצט זיך אויפן דאַך
און רויכערט בהרחבה.
אַיעדער קנויל און סטרוזשקע רויך —
אַ חלום, אַ מחשבה.

וואָס טראַכט דער קוימען אויפן דאַך?
וואָס לאָזט ער מיך צו הערן?!
— רמזים, חידות, וואָס דער ווינט
פאַרטרויט בסוד די שטערן . . .

אין אויוון פּלאַפּלען שייטלעך האָלץ,
און יעדער שייט באַזונדער
דערציילט אַן אַנדער מעשה׳לע
פון וואַלד און זיינע וואונדער.

איין שייטל האָלץ — אַ גרויער וואָלף —
דערציילט אַזאַ מין מעשה:
— פאַרבלאָנזשעט האָט אַמאָל אין וואַלד
אַ ציגעלע אַ ווייסע.

און איך, אַן אויסגעהונגערטער
פון ווינטער — הויט און ביינער! — — —
ער טוט אַ בריל און שטשירעט אויס
צוויי שורות ווייסע ציינער.

אַ צווייט שייט האָלץ — אַ רויטער פוקס,
מיט שעלמיש־כיטרע אויגן:
— געזוען אין וואַלד אַן אויערהאָן —
אַ גילדענער רעגנבויגן!

ס׳איז פרילינג־פּרי. עס בליט אין בלוט
פאַנאַנדער זיך די תאווה —
(בטבע האָב איך פיינט אַ נאַר,
אַ טיפּש, אַ בעל־גאווה!) — — — — —

דאָס דריטע שייטל האָלץ — אַ שלאַנג —
אַ קנויל פון גאָלד און פייער:
— עס שטיפט אין וואַלד דאָס קראָליקל, —
אַ לוסטיקער, אַ פרייער!

ס'איז זומער־לעב. עס ברענט דער וואַלד
אין כל־המינים פאַרבן.
ס'דערמאָנט זיך מיר דער עץ־הדעת —
דער בוים פון ליכט און . . . שטאַרבן.

דאָס פערטע שייטל האָלץ — אַ קראָ:
צוויי אויגן — סם און שנאה!
— געוועזן אין וואַלד אַ סאָלאָווייַ —
אַ פלייט, אַ מאַנדאַלינע!

ס'איז האַרבסט. דער וואַלד איז בראָנדז און בלייַ.
און אין טומאַן, דאָרט הינטער
די צפון־בערג, שפרייט אויס דער שנײַ
די ווייסע פליגלען — ו ו י נ ט ע ר!

דאָס פינפטע שייטל האָלץ — אַ טויב,
אַ ליכטיקע, אַ ווייסע.
זי וואָרקעט, טירקלט און דערציילט
אַן אומעטיקע מעשה:

— אַמאָל האָט גאָט געוואָלט די ערד,
די זינדיקע, באַשטראָפן — — —
אין אויוון גייט דאָס פייער אויס.
דער קוימען — ז'איינגעשלאָפן.

# ווי שיין די קורצע רגע איז

דער וואַלד איז אַלט, געדיכט פאַרצווייגט —
אַ כמורנע סטאַדע שאָטן.
אַ שמאָלע סטעזשקע פירט צום וואַלד.
ביים סוף, אַ שילד — פ אַ ר ב אָ ט ן !

דו שטעלסט זיך אָפּ. דו הערסט זיך איין,
און טראַכסט צו זיך: — משמעות,
דער וואַלד איז פול מיט שדים, וועלף,
גזלנים, חיות־רעות!

נאָר, ווי דו טראַכסט אַזוי, פלאַמט אויף
דער וואַלד און פלאַקערט צונטער . . .
ווי שיין די קורצע רגע איז,
בשעת די זון גייט אונטער!

— „ו ו י ש י י ן !“ . . . נאָר אין אַן הרף־עין —
פאַרלאָשן ווערט דאָס פייער.
אַ בלינדע סאָווע וויינט . . . דער וואַלד —
אַן אָפּגעברענטער שייער.

# פאַר איין געראָטן ליד

נאָך וואָכן לאַנג צוריק ביי גאָט
אַ שיינעם היינט באַשטעלט:
דען כ'האָב פאַרבעטן, ווי אַ גאַסט,
צו זיך אַהיים די וועלט.

עס איז מיר פשוט פריקרע שוין!
ביז וואַנען איז דער שיעור?
צו זיין דער אורח ביי איר טיש,
דער אָרעמאַן ביים טיר?

ס'איז וואָר: די וועלט איז זייער אַלט,
און מחמת דעם — שוין מיד.
דאָך איינמאָל מעג זי כאָטשבע זען
וואו ס'וואוינט דער ייד פון ליד?

איך האָב מיין שטיבל אויפגעראַמט,
און אויפן טיש פאַרשפּרייט
אַ טישטעך, קלאָר ווי שניי אין שבת,
און כיבוד צוגעגרייט . . .

ס'איז וואָר: מיין שטוב איז קליין און ענג,
איז וואָס זשע מאַכט עס אויס?
די אַלטע וועלט איז היינט שוין אויך
ניט מי־יודע גרויס!

דער כלל? — די עלטער טוט זיך אירס:
שרומפּט איין, צעקנייטשט, פאַרדרייט.
בלייבסט שטיין — אַ דאָרן אויף אַ שטיין,
פון ווינטער ווייס פאַרשנייט . . .

איך ווייס, ס'איז וואָר: די וועלט איז אַלט.
איז זייער אַלט! און איך? —
שנייד סתם קופּאָנעס מיר פון לוח,
לויב גאָט . . . און — עלטער זיך!

מיט עלטער שעמען זיך . . . ז'ניט שייך!
ס'איז מער ניט אַ פאַרדראָס!
נאָר גלאַט באַרימען זיך דערמיט,
איז אויך נישטאָ מיט וואָס . . .

סאַ כלל! פון גאווה ווערט מען קליין.
מיט כבוד, — וואַקסט מען ניט.
צי דאַרף דער אַלטער עפּלבוים
זיך גרויסן אַז ער בליט?

דער פרילינג פרילינגט דאָך פאַר מיר,
ווי פאַר דעם עפּלבוים.
אינאיינעם שפּינען מיר, בשעת
עס שנייט, דעם ווייסן טרוים . . .

די זון גייט אויף, די זון פאַרגייט.
עס דעמערט און עס טאָגט.
לויט מידקייט האָב איך, דאַכט זיך מיר,
די וועלט שוין אָנגעיאָגט . . .

די זון פאַרגייט, די זון גייט אויף.
איך זיץ געשפּאַנט און וואַרט;
דער טאָג, דער שיינער, דעמערט שוין.
דער גאַסט האָט אָפּגענאַרט.

נו . . . מילא! וואָס־זשע דמיון איך?
אַ נאַרישער יאַריד!
איך שיינק די ש״י־עולמות דיר
פאַר איין געראָטן ליד!

# אַ שטיל באַשיידן ליד

מיין הײנט — אַ קלײנער גאָרטן,
אַ שטיל באַשיידן אָרט.
איך לעב פון אָפּגעשפּאָרטן.
וואָס האָב איך אָפּגעשפּאָרט ?

— אַ חלום, וואָס געדענקט זיך,
אַ שמייכל פון אַ פרײנד ;
אַ וואָרט, נאָך וואָס עס בענקט זיך,
אַ ליד, גענוג פאַר הײנט . . .

ביים טויער — צוויי ציפּרעסן,
וואָס הוידען זיך אין ווינט,
און לאָזן ניט פאַרגעסן,
אַז שעה נאָך שעה פאַרשווינדט . . .

זיי שפּירן אויס דאָס וועטער,
און בייטן מאָל נאָך מאָל
די מראה פון די בלעטער,
דעם שאָטן און דאָס קול . . .

פאַרטאָג, ווען ס'נעמט שאַריען
צווישן מזרח און דעם וואַלד,
צעגליט זיך זייער בליען —
סאַפּיר און עמעראַלד . . .

און אַז די זון גייט אונטער,
אין דעמער זע איך זיי :
זיי ברענען טונקל־צונטער —
הבדלות, גילדענע צוויי . . .

זיי היטן נאַכט און טויער.
איך זע זיי קוים, נאָר כ'הער,
ווי ס'וויינט אין זיי מיין טרויער,
מיין האַרץ, מיין ליד, מיין טרער . . .

ציפרעסן! זייט מיר עדות!
פאַרצייכנט און געדענקט . . .
אַ האַרץ מיט שטילע סודות,
וואָס בענקט, און בענקט, און בענקט.

עס ווינקט דער מאָרגנשטערן
אין פענסטער מיר אַריין:
— שוין צייט אַנשלאָפן ווערן!
עס דעמערט שוין . . . שלאָף איין!

דעם נאַכט־לאָמפּ דריי אַרונטער;
פאַרריגל אויג און טיר.
דער האָן — ער וועט שוין קרייען,
פאַרטאָג, — אָן דיר, אָן מיר . . .

# אַ פּענצטערל

עס הֶעמערט, און דאָס פּענצטערל
פאַררויטלט זיך און שמייכלט:
— אַלמאַכטיקער! ווי קלוג דו האָסט
דיין וועלטל אויסגעשכלט . . .

ווי יושרדיק דו טעכערסט אויס
די וואָכן אין מעת־לעת׳ן.
אין מיר אַפילו האָסטו, גאָט,
אל־חנון נישט פאַרגעסן,

מיר צוגעוואָרפן פון דער הויך
אַ גאָלדיק שקיעה־בלימל;
אַ שנירל טוי, אַ שטערנדל;
אַ כזית בלויען הימל . . .

דאָס ליכט פון טאָג, ערשט אויסגעזיפּט,
און אין אַן הרף־עין —
שוין ליגט דער הימל אויף מיין דאַך —
אַ זיפּ מיט גאָלדענע קלייען . . .

און באַלד, ווי דורך אַ כישוף־שפּרונג,
די לבנה ווערט נתגלה:
אויף אַ ראָזלעך־בלויען טעלער בליט —
אַ ווייסע שבת־חלה.

כאָטש נעם צינד ליכט, שטעל וויין, צעשטעל
אויפן טיש די עס־מכשירים,
און פּראַווע שבת, אינמיטן וואָך,
פאַר הינטער־גאָס גבירים.

פאַרבעט כאָטש אליהו׳ן דאָ,
און וויַיז אים דיין עשירות:
— אַ חלום דיר, אַ חלום מיר,
און . . . לאָמיר זינגען זמירות!

דער תשבי זיצט, דער תשבי זינגט
און שמייכלט בהרחבה.
און אויפן בוידעם שלאָפט דער דאַך,
און ס׳וויינט די בלינדע סאָווע . . .

# דער בוים, וואָס שטאַמט פון עץ־הדעת

אין פרילינג־פרי. אַ רעגן גייט
און בענטשט די האַנט, וואָס האָט פאַרזייט
די זריעה־קערנער אין דער ערד —
דאָס גערעטעניש פון גאָט באַשערט.

געבענטשט זאָל זיין דאָס אויג, וואָס היט
די זאַנג וואָס גרינט; דעם בוים וואָס בליט;
דעם אדם־מענטש, וואָס האָט פאַרזוכט
פון עץ־הדעת די ערשטע פרוכט.

דער מענטש איז דאָ! ווי גאָט איז וואָר!
— דער למד־ו״וניק אין זיין דור —
ער אַקערט, זייט, ער שניידט און דרעשט:
— אַ מעסטל זיך, דער וועלט דאָס רעשט . . .

אָ, בענטש דעם למד־ו״וניק, בענטש!
ער איז דאָס גראָז, דער בוים, דער מענטש;
ער איז דער נכנע און די קרוין;
ער איז די עובדא און דער לוין . . .

האָט ער, דער מענטש, געזען אין טרוים
ביים פענצטער בליט אַן עפּלבוים.
די צווייגן גרין ווי עמעראַלד,
די בלעטער — בראָנדז, דער עפּל — גאָלד.

האָט ער געזאָגט: — אָ, גאָט מיין האַר!
עס וויינט פון בוים אַרויס דער צער,
— דו האָסט פאַרפלאַנצט מיך אין דיין ערד,
און אַ קורצן פרילינג מיר באַשערט . . .

האָט גאָט, דער האַר, צו אים געגענט
און איבער אים פאַרשפּרייט די הענט:
— בן־אדם, וואָס איז דיין באַגער?
האָט ער געזאָגט: — איך וויל נישט מער.

ווי בלויז אַן איין־און־איינציק וואָרט,
אַזאַ, וואָס מיר זאָל זיין פאַרשפאָרט
צו רעדן האָפערדיק . . . נאָר שטיל,
בנעימות בעטן וואָס איך וויל . . .

אַ וואָרט, וואָס כישופט און באַשערט,
אַז גאָלד זאָל ווערן גראָז און ערד;
מיין ליפ — נעם לערן אויס דעם שפּרוך,
וואָס זאָל פאַרוואַנדלען אין אַ בוך

אַט דעם־אָ בוים, וואָס בליט אין גאַס,
דען ער, — ער שטאַמט פון עץ־הדעת! — — — —
און ס׳האָט דער מענטש געזען: עס שטייט
דער עפּלבוים פון טוי פאַרשנייט . . .

און רעגנט אויפן גרינעם גראָז —
אַ טראָפּן טוי . . . אַ בליציק אות . . .
דער טוי איז בלוי, דאָס אות איז שוואַרץ:
אַ רמז אויף אַ מענטשלעך האַרץ . . .

ער שאַרט די אותיותלעך צענויף
און ציט זיי איינס נאָך איינס אַרויף
אויף אַ לבנהדיקן שטראַל —
אַ שטילע תפילה — גשם . . . טל . . .

ס׳איז פרילינג־פרי. אַ רעגן גייט
און בענטשט די האַנט, וואָס האָט פאַרזייט
די זריעה־קערנער אין דער ערד —
דאָס גערעטעניש, וואָס גאָט באַשערט . . .

# איינמאָליקער נס

די זון ציט צום דעמער אין מערב.
איך בלעטער דעם אַלטן תנ"ך.
מיין שלעפערדיק אויג ציט צום דרעמל,
מיין אויער אַליין נאָר איז וואַך . . .

די זון וועט פאַרגיין און באַגינען
פאַר מיר זיך אַנטפּלעקן (ווער ווייסט?)
איך זוך אויף די ליפּן פון נביא
אַ נס, וואָס זאָל זיין מיר אַ טרייסט.

דאָס אויג מיינס, דאָס מידע, שטעלט אָפּ זיך
ביים נס פון יהושע בן נון:
— גאָטס האַנט, אויף אַ טאָג, האָט אין הימל
פאַרהאַלטן אין גבעון די זון.

באַהאַלטן אין טאָל די לבנה;
די שטערן — אין ים פון דער נאַכט,
ביז וואַנען דאָס פאָלק וועט פאַרלענדן,
דעם שונא אין בלוטיקער שלאַכט.

עס פלאַקערט דער הימל אַריבער
יהושעס בלענד־בליציקער שווערד,
און אונטער די פיס זיינע דונערט —
אַ וואָלקן פון פייער — די ערד.

איך שליס מיינע אויגן, די מידע,
כדי איך זאָל ליכטיקער זען . . .
אַ נס, וואָס האָט איינמאָל געטראָפן,
קאָן ווידער אַ צווייט מאָל געשען!

דאָס אויג מיינס זעט וואָר, נאָר דאָס האַרץ מיינס
מיך וואָרנט: — בן אדם, פאַרגעס!
ווער ביסטו, אַז גאָט זאָל באַנייען
פאַר דיר זיין איינמאָליקן נס?!

די ביסט אין גאָט׳ס אויגן אַ זעמדל;
אַ וואָרעם אין רעגן; אַ מילב;
אַ גלי־פליג אין וואַלדיקן שאָטן;
אַ נאָכקלאַנג, וואָס בלייבט נאָך אַ זילב . . .

— אל חנון! דו האָסט דאָך אַליין מיך
פאַר דיינע נסיונות געשטעלט.
פאַרשיכורט מיט כלערליי תאוות —
אַ סתירה אין קריג מיט דער וועלט.

פאַרוואָר! כ׳בין צו נסים ניט זוכה.
איך בין ניט יהושע בן נון.
נאָר . . . וואָס אַז מיין הארץ, ווי דער אָדלער,
ציט פאָרט זיך צום ליכט פון דער זון!

איך האָב דאָך אַזוי פיל פאַרחלומט!
און זע וואָס איך אביון פאַרמאָג?!
און ס׳ענטפערט גאָטס קול מיר: — ״אַ רגע
איז אָפטמאָל די פרייד פון אַ טאָג!״

איך ווענד מיינע אויגן צו מערב:
אַ גאָלדענע זעצט זיך די זון.
— מיין רגע! — דו ביסט ניט אין גבעון,
און ביסט ניט יהושע בן נון!

# באַנייונג

איך האָב געבענטשט היינט גשם.
האָט גאָט, ברוך־הוא, דערהערט
און האָט דעם וואַלד באַבלעטערט,
און אָנגעגראָזט די ערד.

אין פעלד — דער פויער אַקערט,
דער פישער שטריקט זיין נעץ.
פון שטאַל ברעכט אויס מיט שטורעם
דער שוואַרצער זשערעבעץ . . .

ער טראָגט זיך ווי אַ דונער,
אין בליציקן גאַלאָפּ —
אַ וויכער שטויב . . . אַ כמאַרע . . .
און ס׳טוט אַ פּראַל אַראָפּ

אַ שפּרודלדיקער רעגן,
ווי קרעלן פון קרישטאַל.
די לאָנקעס ווערן גרינער,
און בלויער — באַרג און טאָל.

ביים שטראָם — דער ביבער האָוועט.
דער פויגל פלעכט זיין נעסט,
און איך, דער בעל־חלומות, —
ביי גאָט אויף פרייע קעסט . . .

כ׳שעפּ נחת, האָב הנאה
פון גאָט׳ס באַנייטער וועלט.
כ׳האָב אַזש אַליין אויס חדוה
ביי זיך אַ ליד באַשטעלט :

אַ לויב צו מי און פּראַצע,
אַ קללה אויף אַל־דאָס שלעכץ.
דאָך בלייבט דער אַקער — אַקער ,
און ליד — אין ווינט אַ קרעכץ . . .

— אָ, זיי זיך נישט מצער!
האָסט ערשט באַצאָלט דיין חוב:
באַזונגען גאָט׳ס יצירה,
און ווי ער געזאָגט: כ י ־ ט ו ב!

אָט הער זיך איין צום רעגן,
און הער ווי אין דעם בוים
די רעגנטראָפּנס בליען
מיט שטערן, שניי און שוים.

דער שוים איז — ים און זעגל.
דער שניי איז — ווייסע רו.
די שטערן — ווייטע וועלטן,
וואָס בלאָנזשען, בליבד, ווי דו.

נאָר, וואו דו זאָלסט ניט בלאָנזשען,
זע, מייד בישט אויס דאָס לאַנד,
וואָס ליגט אין טאָל פון שלוה,
ביים לעצטן מערב־ראַנד . . .

# קאַרשן — שוואַרצע אויגן

געבענטשט זאָל זיין די האַנט וואָס בויט;
דאָס האַרץ, וואָס חלומט, גלויבט און טרויט
דעם טאָג וואָס קומט אַנטקעגן . . .
געבענטשט זאָל זיין דאָס ליכט וואָס ברענט,
ביינאַכט אין פענצטער געווענדט
צום וואָגלער אונטערוועגנס.

איך בענטש די שוועל, דעם טיש, די באַנק!
דעם ספר און דעם ספרים־שראַנק,
די שלוה און דעם שלום;
דעם אורח מיט די מידע טריט,
וואָס טוט דאָ אויס זיין שווער געמיט,
און חלומט דאָ זיין חלום . . .

אַ גריגער פלוין, אַ בלויער קוואַל;
אַ הויז, אַ שיקער און אַ שטאַל;
אַ סטאַדע שאָף און רינדער.
דאָס פעלד פאַרזייט. אַ רעגן גייט.
דער קאַרשנבוים — אַ ווייסער שטייט.
אין רעגן זינגען קינדער.

דער קאַרשנבוים, — קוים איין מעת־לעת
געבליט, און ס׳איז געשען אַ נס,
אַ ווילדער וואונדער־חידוש!
עס גליען קאַרשן — דימענט־שוואַרץ — — — —
דאָס זיינען אויגן . . . האַרץ מיין, האַרץ!
און, — שוואַרצע?! — מחמת — ייִדיש!

אָ, בענטש די שוועל, דעם טיש, די באַנק;
די האַנדפאַס און דעם ספרים־שראַנק;
דעם קאָפּ צום ליכט געבויגן; —
דאָס געלע בלאַט, די מאַטע האַנט;
דעם ווייס־צעבליטן בוים ביים וואַנט . . .
די קאַרשן — שוואַרצע אויגן!

# ענדערונג

... דעם לוח — נעם צרייס! שטעל אַפּ
דעם הייזעריקן זייגער.
וואָס ציילט ער דיר די רגעס, צו?
דער וואכערניק... דער פּגר!

דעם האָן, דעם רויטן — פון קאטוך
פּאַרטרייב: — גענוג דיר קרייען!
איך ווייס שוין אויסנווייניק ווען
אין מזרח נעמט שארייען;

ווי לאַנג דער טאָג געווערט, ווי קורץ
עס איז די שעה פון שקיעה.
און ווען ס'וועט רעגענען? — אַ זאָרג!
אין גאָט איז די מניעה!...

און יאָ! דעם שפּיגל אויף דער וואַנט —
פּאַרדעק! גענוג זיך רייצן:
— דיין קאָפּ איז פלאַקס, דיין פּנים — וואַקס;
דיין שטערן — גאָלע קנייטשן!

נעם בעסער וואַרף דעם אויוון צו
אַ שייטל האָלץ צושטייער...
און קוק ווי ס'פלאַטערט גאָלדיק־גרין
דיין חלום אין דעם פייער...

און ווען דאָס לעצטע שייטל האָלץ
וועט אויסגעלאָשן ווערן,
וועסטו שוין זיין — לעגענדע, סוד,
און אייביק ווי די שטערן...

# מחשבות בעת דו רויכערסט אַ ציגאַר

די הנאה ליגט ניט אין דעם קרוינדל זשאַר,
וואָס שעמערירט אַרום דעם פּיטעם פון ציגאַר,
ווי אין די תכלת־בלויע רינגען רויך,
וואָס טויכן אויף און ווערן נעלם אינדערהויך.

אין תוך איז דאָס האַוואַנאַ־בלאַט אַ טערפּקער סם.
דערפאַר ליגט אָבער אין זיין גיפט אַזאַ מין טעם,
וואָס איז מכפּר אויף די קיצור־ימים, וואָס באַשערט
איז דיר געווען צו נהנה זיין אויף אונדזער ערד . . .

דער גרינגלעך־בלויער רויך פאַרנעפּלט, וויקלט איין
דעם חלום־סוד, וואָס איז דער תמצית פון דיין זיין.
דער מענטש איז ווי אַ זעגל אויף אַ נעפּלדיקן ים,
וואָס זוכט אין זאַלציקן טומאַן דעם פּלאַטער־פלאַם,

וואָס גלימערט אויף אַ מאַסטבוים פון אַ בלודנער שיף;
דער אָפּגלאַנץ פון אַ שטערן אָפּגעשפּיגלט אין דער טיף
פון כמורנעם ים — אַ צייכן אויף דיין וועג,
וואָס פירט דיין זעגל צום באַשערטן ברעג . . .

טאָ נעם, צינד אָן, פאַררויכער דיין ציגאַר
און לאָז דיין אויג זיך שפּיגלען אין דעם קרוינדל זשאַר:
געקעניגט האָט אַמאָל, אַ מ אָ ל! אַ מעכטיקער סולטאַן,
אַ מאַן פון שווערד און פייער — טשינגהיז כאַן.

זיין שלאָס איז חרוב און די גערטנער — וויסט.
דער טייך, וואָס האָט געפלאָסן פאַר זיין טויער — מיסט . . .
אַרום זיין טורעם, ראָבן שוואַרצע שווערבן אין דער הויך —
צינד אָן דיין זיסן סם און צייל די רינגען רויך . . .

# צום נאָענטסטן

. . . און בלייבן וועט נאָך דיר — די ערד,
דער ווינט, דער ים, די שטערן;
אַ בוך מיט לידער אויפן טיש —
דער אלף־בית פון טרערן.

און וויגן וועט דער ווינט דעם ים;
דער ים — די זעגלשיפן;
די נאַכט, די שטערן אין דער הויך —
רמזים, היעראָגליפן . . .

און זעגלער וועלן לייענען,
אין אָפּגלאַנץ פון די שטערן,
דעם גורל זייערן אין ים,
און אין נעפל נעלם ווערן.

דער ים, די שטערן און דער ווינט —
אין גאָט איז די מניעה!
ער איז דער ברעג, דער האַרבעריק,
דער אַנקער . . . סוף־נסיעה . . .

דאָס רויג אין זאַמד, דאָס זאַלץ אין ים,
די וואָלקנס און די שטערן —
אַ ניט־פאַרענדיקטער כתב־יד:
דיין אלף־בית מיט טרערן . . .

# דאָס ליד פון וואָגלער

א

ווי לאַנג איך בין אין וועג?
ווי לאַנג? כ׳געדענק שוין קוים.
איך וויים נאָר, כ׳בין ניט ווייט,
בין באַלד שוין אין דער היים!

איך זע אין בלויען ווינט
אַ ווייסע טירקלטויב;
אַ גרינעם איילבירט בלאַט,
אַ שימער־שאָטן אויף אַ שויב.

כ׳פאַרנעם אין ווינט פון נאַכט
דאָס רוישן פון אַ בוים;
דעם ריח פון קילער ערד,
וואָס שמעקט מיט רו און היים . . .

און אָטעמט אין דעם ווינט
מיט מדבר, ים און שטאָט.
די נאַכט ליגט הינטער מיר
און אין דער נאַכט מיין טראָט.

ס׳געוויין פון דורות ליגט
אין מיר, ווי ס׳ליגט דאָס זאַלץ
פון ים אין נאַכט־טומאַן,
די טרער ביי מיר אין האַלדז!

ב

מיין לייב, פון מדבר־ווינט
פאַרברוינט איז ווי אַ נוס,
מיין קלייד איז שווער מיט שטויב,
און ס׳זינקט אין זאַמד מיין פוס.

איך הער, פאַרנעם אַ קול.
דאָס קול איז מיר באַקאַנט —
פאַרגעסן ? . . . לאַנג שוין, לאַנג . . .
פאַרגעסן, און — דערמאָנט !

איך טראָג ביי זיך אין בלוט,
ווי ס׳טראָגט אין וואַלד דער בוים
דעם רעגן אין זיין הויט,
מיין ציטערדיקן טרוים . . .

איך טראָג ביי זיך אין האַרץ
אַ בענקעניש, ווי ס׳טראָגט
דער ים אויף זיך דעם ווינט ;
דער באַרג — דאָס ליכט פון טאָג . . .

איך בין דער שטויב, דאָס זאַמד ;
די מדבר און דער ים ;
איך בין די נאַכט, דער ווינט,
דאָס זאַלץ אין ים־טומאַן !

איך בין די שוואַרצע ערד ;
די טויב, דאָס ליכט, דער בוים.
איך בין דאָס דאָרף, די שטאָט,
בין חלום, רו און היים !

# קאַליפאָרניע

. . . אין מדבר האָט זי אויפגעבליט,
אין אַ חלום זיך פאַרוואַנדלט.
ווי אהרנס שטעקן, האָט אין זאַמד,
דער דאָרן זיך צעמאַנדלט.

אין סליאַד פון רעדער, איינגעשפּאַנט
אין בוידן־קאַראַוואַנען,
אַרויסגעשוואומען זיינען שטעט
און דערפער — סטייטס שוואַנען . . .

אַ נס — אַ אָדלער אויפן ווינט
מיט אויסגעשפּרייטע פליגלען.
אין זאַמד, אין ווייסן, בליאַסקען אויף
אָאַזיסן, ווי שפּיגלען . . .

און דו און איך, פאַרשפּעטיקטע —
צו זוכן ברויט און שלום —
געקומען זיינען דאָ אַהער
אַ פּיתרון צו אַ חלום.

אַזוי איז אונדזער גורל שוין.
עס איז ניט שייך געדענקען
אַ חלום וואָס דו חלומסט ניט.
דאָס האַרץ גייט איין פון בענקען . . .

און אַז די בענקעניש טויכט אויף
אין מיין געמיט, דעם שווערן,
דערמאָן איך זיך אָן ים און אין
דער נאַכט מיט אירע שטערן . . .

דער ים איז אַלט, זיין פּנים — קלוג,
און ווי די שטערן — אייביק.
און דאָס וואָס ער דערציילט איז וואָר,
און איך . . . בין פרום און גלייביק!

די זון פאַרגייט ביים מערב־ראַנד.
די וואָלקנס זשאַרען צונטער . . .
איך נעם אַרום די זון און גיי
מיט איר אינאיינעם אונטער.

די ועלן וויגן, וויגן מיך
און שעפּטשען: — ש ל ו ה! ש ל ו ם!
איך דרעמל, דרעמל איין און ווער
אַליין אַ מדבר־חלום . . .

# אין מדבר וואַקסט אַ שוואַרצע שוואָם

אין מדבר־זאַמד פון „ערגעץ־לאַנד“, פאַרפלאַנצט פון וויסטן שד,
אָן טוי, אָן רעגן וואַקסט און בליט אַווילדע, שוואַרצע שוואָם.
איר ריח פאַרשיכורט אויף דער ערד — מדינות, אינזלען, שטעט.
און אויך פאַרטראָגן האָט צו מיר דער ווינט איר סם־געדוך:
דאָס בלוט אין מיר פאַרשיכורט, און פאַרסמט אין האַנט די פען.
מיש אויף אַ פרישן בלאַט ביי דיר אין דיין זכרונות־בוך,
און בעם פאַרצייכן, וואָס דיין אויג וועט אין שגעון זען.

איך טונק אין טינטער איין די פען, און . . . זע אין טראָפּן טינט,
וואָס ציטערט אויף איר ליפּ — די ערד — אַ שוואַרצער וואָלקן שטויב;
אַ פינצטער ראָד פאַרווירבלט אין אַ וויסטן שטורעמווינט.
אין האַרץ פון ראָד — גאָטס אָרעם — ברענט: אַ פייערדיקער בוים.
די צווייגן — צאַפּלענדיקע שלענג, מיט אויגן פאָספאָר־גרין.
אַ קליינע, אינגבער־געלע זון, פאַרטייעט הענגט אין רוים,
ווי ס'הענגט הינטער אַ חורבה־דאַך, אין שפּינוועב־נעץ, אַ שפּין . . .

אַ רגע . . . און עס רייסט אַרויס זיך אויפן טראָפּן טינט,
אַ שוואַרצער רייטער, אין גאַלאָפּ, אויף אַ לבנה־ווייסן פערד.
די שוואַרצע פאָלעס פלאַטערן — אַ פלעדערמויז אין ווינט.
פון אונטערן רייטפערדס קלויען ברומט דער דונער — א י י ז ן א ו ן ש ט אָ ל!
אין האַנט פון שוואַרצן רייטער קנאַלט די שאַרפע בייטש, באַגלייט
פון סווישטשענדיקן שטורעמווינט, ווי ס'וואָלטן אויפאַמאָל
די שדים אָפּגעריסן זיך, אין גיהנום פון דער קייט . . .

פאַרציטערט הייב איך אויף די הענט, מאַך אויף דאָס מויל און שריי!
דער פחד, אָבער, כאַפּט מיך פאַרן גאַרגל און פאַרשטיקט אין קעל מיין שטים.
דער שוואַרצער רייטער טוט אַ סווישטש און גאַלאָפּירט פאַרביי.
כ'פאַרנעם אַ כאָרכלדיקן קרעכץ: — אַזוי זאָגט גאָט דער האַר!
א י ך ק אָ ן נ י ש ט מ ע ר! מיין האַרץ איז ניט פון שטאָל, פון קיזלשטיין!
אָט . . . עפן איך מיין פויסט און לאָז אַרויס אויף אייך מיין גזר:
אויף מענטש און חיה; קינד און רינד; אויף דיר, אויף ז י ך אַליין.

און . . . זאָל דער קץ מכפּר זיין אויף אַלע מיינע זינד ;
אויף אַלע טעותן אין מיין נישט געראָטענעם באַשאַף.
איך בין מתוודה זיך : מיין הארץ איז טויב, מיין האַנט איז בלינד ;
כ׳בין מיד פון אייער פּיעשטשען זיך, פון אייער טרער־געבעט ;
פון משפטן און שטראָפן אייך, פון טרייסטן אייך אין צער . . .
בין זאַט . . . שוין איבערזאַט מיט אייערע תעניתים און על־חטא.
אַז ווי דעם זינדער און אַז ווי דעם שופט און דעם האַר.

און אויפגעציטערט האָט אין מיר, ווי ס׳גראָז אין האַרבסט, מיין זעל.
און אויפגעריסן אין מיין האַלדז דאָס וויסטע שטומעניש,
אַרויסגעריטשעט האָט אַ הייזעריקער קרעכץ פון קעל,
ווי ס׳כאָרכלען פון אַן אָקס, געבונדן צו דער שחיטה־באַנק,
בעת ער שפּירט דעם חלף אויפן האַלדז, אין שוחטס קאַלטער האַנט.
נאָר, פּלוצלים טוט די מאָרגן־זון אין פענצטער מיר אַ בלאַנק :
— גוט מאָרגן ! . . . און ס׳צעבליט זיך ראָז מיין שאָטן אויפן וואַנט . . .

* * *

דער הימל — תכלת־בלוי. די ערד איז גרין ווי עמעראַלד.
דער נעפּל קלעטערט אויף די בערג — אַ ווייסע סטאַדע שאָף.
אַ סטייע שוואַלבן סטרונעט זיך אַרויס פון טונקלען וואַלד.
כ׳טונק איין די פּען אין טינט . . . און צי אַרויס — אַ זערנע זשאַר !
די דריבנע אותיות גליען אויף, ווי שטערן, אויפן כתב . . .
און יעדער שטערן שעפּטשעט מיר : — אַזוי זאָגט גאָט דער האַר !
מיט יעדן אויפגאַנג פון דער זון באַניי איך מיין באַשאַף !

און דאָס, וואָס דו האָסט ערשט געזען אין פינצטערן קאָשמאַר :
דער שוואַרצער רייטער, אין גאַלאָפּ ; דער פייערדיקער בוים —
אַ רמז און אַ וואָרנונג דיר ! . . . אַזוי זאָגט גאָט דער האַר !

# איך בין דער פעניקס פויגל

צום דריי הונדערטסטן יובל־יאָר
פון יידיש לעבן אין אַמעריקע

דער פעניקס־פויגל הייבט זיך אויף פון ברענענדיקן שייטער,
דורך וויכערס אַש און קנוילן רויך, פון פייער אַ באַנייטער.
ער לעבט פינף הונדערט יאָר, און ווען די שעה פון סוף דערנענט זיך,
אַליין זיין שייטער בעט ער אויס, צינדט אָן אים און פאַרברענט זיך.
פון אויס דעם שייטער־אַש גייט אויף אַ בונטער רעגנבויגן —

צוויי פאַווע־פליגלען גאָלדענע, צוויי שטערן־בלויע אויגן.
אויך איך האָב הונדערט יאָר געברענט, געברענט און ניט געוואָרן
קיין פעניקס־נס . . . איך בין דער סנה, דער מדברדיקער דאָרן . . .
די שטורעמס רייסן אונטער בערג, דער ים, אין ווילדן צאָרן,
שלינגט אינזלען איין . . . און אייביק ברענט דער שטעכעדיקער דאָרן.

געקומען בין איך שפּעט — ווי ס׳קומט אין האַרבסט דער לעצטער רעגן —
צום לאַנד, וואָס גאָט האָט אָנגעגרייט — אַ היים פונמיינעטוועגן.
מיין קלייד פון רעגן, ווינט און שטויב צעריסן, דורכגעלעכערט,
און האָב געטראָפן שוין דאָס לאַנד צווישן ערב־רב צעטעכערט . . .
און אויסגעיעט דאָס פּריירי־גראָז, די שטעכעדיקע דערנער;
די ערד צעאַקערט און פאַרזייט די ערשטע זריעה־קערנער.
פאַר מיר — אַ קוים כזית ערד, מיין חלק זריעה —ביינער.
אין האַרבסט בליט ערשט מיין גאָרטן אויף — אַ קראַנץ מצבה־שטיינער . . .
בשעת גאָטס הימל האָט געטריפט מיט רעגן, טוי און שטערן,
האָב איך מיין גאָרטן דורכגעווייקט מיט זאַלצעדיקע טרערן . . .

ביים זייט פון גאָרטן האָב איך שטיל ס׳געצעלט מיינס אויפגעצויגן,
און אויפן שוועל געזעסן און געהיט מיט זשעדנע הונגער־אויגן,
דעם שכנס האַנט, וואָס האָט אין פעלד זיין קאָרן־גאָלד געדראָשן . . .
(אָ, פרעמד איז אים מיין אַלטער גאָט, און מיר — זיין פרעמדער לשון.)

און אַז דער פיינד באַפאַלן איז דאָס לאַנד, האָב איך געשלאָסן
אַ בונד מיט מיינע שכנים און מיין בלוט ווי ער פאַרגאָסן.
און אַז דער פיינד געפאַלן איז — האָב איך, ביים זייט פון שכן,
דאָס קול מיינס אויפגעהויבן און צעשופרט דעם נצחון . . .
(פאַרגיב מיר, גאָט! מיין זינד וואָס איך האָב מענטשלעך בלוט פאַרגאָסן.
מיין עונש ליגט שוין אין דעם „שכר" וואָס כ'האָב פון זיג גענאָסן . . . )

און אַז דער יאוש האָט דאָס לאַנד פאַרוואָלקנט, און דאָס פייער
פון גלויבן האָט געשימערט קוים . . . האָב איך געבראַכט צושטייער
מיין ליכט, וואָס איך האָב אָפגעשפאָרט — געאַרבטן פון כמה דורות —
אַ ליכט פון ווייסע בערד געהילט אין פאַרמעטנע ספר־תורות . . .

מיין וועלט איז אָפט אַ נאַכט־קאָשמאַר, אַ זעונג אין אַ חלום.
אָ, בענטש מיך צווישן פעלקער, גאָט! מיט אחדות, ברויט און שלום.
געדענק! האָסט מיך אַמאָל געבענטשט: „זאָלסט פרוכפּערן זיך און מערן,
און אין דיין פּילקייט זאָלסטו זיין אַזוי ווי זאַמד און שטערן — — — "
נאָר אָפט האָסטו פאַרגעסן מיך . . . פאַרגעסן דיין הבטחה,
פאַרמינערסט דיינע שטערן, און — דאָס זאַמד דיינס ווערט מיין ברכה.
צו ליכט און שטערן לויטערע הייב אויף פון זאַמד מיין נאָמען,
און שפּרייט דיין חסד אויס אויף מיר און מיינע — אמן, אמן, אמן!

## צום „גאָלדענעם מערב" ציען קאַראַוואַנען

עס ציען פון מדבר צום ים־ברעג
פאַרנעפּלטע בערג־קאַראַוואַנען.
דאָס רייטן אויף קעמלען פאַרברוינטע
מדינים אין ווייסע טורבאַנען.

זיי פירן געווירצן און באַלזאַם,
און כל'ערליי בשמים, הדסים — — —
עס דעמערט! . . . און ס'בלוטיקט אין מערב
די זון, ווי דאָס כתנת־הפסים.

— פ אַ ר ק ו י פ ט ה אָ ב ן ב ר י ד ע ר אַ ב ר ו ד ע ר —
וואָס וועקט דאָס ביי מיר אין זכרון
די אַלטע לעגענדע פון חומש ?! —
אַ בילד פון פאַר טויזנטער יאָרן!

הבלים! . . . נישט דאָס בין איך אויסן.
מיין האַרץ וויל דיר זינגען אַ נייעם
אז־ישיר פון וועגן אַ וואונדער —
אַ צווייטער יציאת־מצרים . . .

* * *

מיט קלייענדיק ברויט אין די טאָרבעס;
מיט ביקסן, מיט העק און מיט לאָגלען;
מיט אָקסן, און בוידן פון לייוונט —
די שבטים פון מזרח־לאַנד וואָגלען . . .

צום לאַנד פון די בלויע סיעראַס!
צום כישוף פון פאַלמען און שנייען!
עס מאַניען די ים־האָריזאָנטן:
— אַ, ש י י ן א י ז ד י ז ו ן ב י י ם פ אַ ר ג י י ע ן!

ווער עס זעט אין די וואָלקנס אַ סטאַדע,
ווער עס זעט אין דעם דעמער אַ זעגל;
ווער אַ שענק־הויז,ביים שליאַך, ווער אַ שייער . . .
און איינער — דעם גאָלדענעם ע ג ל.

* * *

דאָס טרוקענע ברויט אין דער טאָרבע
(מער זאַמד איידער קאָרן און קלייען),
וואָס דו האָסט פאַרצערט, וועט דיין מאָגן
אַ צווייט מאָל ניט קענען פאַרדייען . . .

דאָך, גייט אויס דאָס ברויט דיר, ווערסטו זיך,
מיט נסים, ווי ס'איז נאָך דערגערן:
מיט וואָרצלען, מיט גראָז און געוויקסן,
פאַר נויט — אַ נבלה פאַרצערן.

נאָר גייט אויס אין לאָגל דאָס וואַסער,
און ס'הייבט אָן דער דאָרשט דיך צו פּלאָגן,
וועט משה אין מדבר ניט קומען
דעם שטיין, דעם פאַרעקשנטן, שלאָגן . . .

אַ ליידיקער לאָגל, אין מדבר,
איז גלייך צו אַ בייגערנעם שאַרבן.
ווערסט שעכטן דיין אָקס, און ווערסט זשליאָקען
דאָס בלוט זיינס, פון דאָרשט ניט צו שטאַרבן.

* * *

דער שניי, אין די בלויע סיעראַס,
פאַרמאָגט אין זיין ווייסקייט באַהאַלטן
אַ כישוף, וואָס וועקט אין דיין דמיון
גראָטעסקע, קאָשמאַרנע געשטאַלטן.

גלייכצייטיק — אויך שיינקייטן ווילדע;
אוזאָרן פון כל־ערליי פאַרבן;
אַ טראַנס, וואָס פאַרשיכורט . . . אַז ממש —
ביסט גרייט אויס הנאה — כאָטש שטאַרבן!

דו ווילסט, נאָר דו קאָנסט ניט . . . שגעון
צינדט אָן דיין צערייצטע מחשבה:
די זון ווערט אַ — קאָפּ פון אַ טיגער,
די לבנה — אַן אויג פון אַ סאָווע.

די גאָלדענע שטערן, אין הימל,
פאַרוואַנדלט די נאַכט אין אַ סטייע
פון פייגל מיט שנאָבלען פון שוועבל,
און פליגלען פון פאָספאָר און פייער.

* * *

אין שטילקייט איז דאָ אַזאַ אימה —
ס'איז שווער מיר דאָס בילד צו געפינען
צו מאָלן דעם אַנגסט, די הנאה,
און דערביי ניט אַרונטער פון זינען . . .

אַ קינד וויינט ביינאַכט, און אַ קאַיאָט
זיך קלאָגט פאַר דער שטומער לבנה.
אויסביידנס געוויין שרייט די שטילקייט —
אַ מין . . . ערב־שטורעם סכנה.

אין אָט אַזאַ פאַרכטיקער שטילקייט
איז משה, בנשיקה, געשטאָרבן.
דאָס פאָלק איז דעם ירדן אַריבער,
און ס'לאַנד פון כנען דערוואָרבן.

שוין ווידער טויכט אויף דער שגעון
ביי מיר אין טומאַנעם זכרון:
לעגענדעס, געשטאַלטן פון חומש,
אין שאָטן פון טויזנטער יאָרן.

נאָר, קען איך דען אַנדערש באַזינגען
דאָס צוגעזאָגט לאַנד, ווי אין לידער,
וואָס עכאָן אַרויס מיר פון חומש,
פון אַלטן תנ"ך און פון סידור?

* * *

דאָס לאַנד מיינס איז שיין ווי — שולמית!
און פלירטעוודיק, ליסטיק, ווי — חוה!
די שטעט מיינע — שוים־ווייסע שוואַנען,
מיין ים — אַ צעפּעכערטע פּאַווע . . .

די נאַכט — מיר אַ בינשטאָק פון שטערן.
די לבנה — אַ גילדענע „מאַטקע".
די מדבר, מיין בלאָנדע מאַהאַווע,
אַ מאַנדל־פאַרברוינטע מולאטקע . . .

* * *

פאַרוואָר, דו ביסט שיין, מיין געליבטע.
די הענט דיינע טריפן מיט מירע.
נישט בחינם האָט גאָט דאָ פאַרענדיקט,
צום זיבעטן טאָג זיין יצירה.

דאָ, הינטער די בלויע סיעראַס,
צווישן האָרבן פון זילבערנע שנייען,
געזען האָט דער בורא, דער ערשטער,
די זון, ערב־שבת, פאַרגייען.

# סאַן פראַנציסקאָ — ביינאַכט

מיין קישן — אַ שניי־ווייסער וואָלקן.
מיין נאַכט־לאָמפּ — אַ הימל מיט שטערן. —
צווישן בערג הענגט אַ שטאָט, אַ צעשטראַלטע —
אַ ווייסער  אַ ל אַ ד י ן ־ ל אָ מ ט ע ר ן .

איך ווייס ניט צי איז דאָס אַ חלום?
אַ וואָר? . . . אַז איך זע ניט די סתירה,
וואָס ליגט צווישן חלום און אמת:
אַלצדינג וואָס דו טראַכסט איז יצירה!

עס קויקלט דער ים זיינע כוואַליעס,
און דונערט און לאָזט מיך ניט שלאָפן, —
וועקט אויף אין מיין דמיון לעגענדעס,
וואָס האָבן אַמאָל דאָ געטראָפן . . .

איך שטעל אָפּ דעם ים און איך פרעג אים.
ער שטאַמלט ניט קלאָר . . . האַלב פאַרשטענדלעך:
— די כוואַליעס? . . . דאָס קויקלען פיראַטן
פון ים אַרויס פעסער מיט רענדלעך . . .

דאָס ליכט־שפּיל דאָרט הינטער די שטערן,
די כל'ערליי בונטיקע שטראַלן? —
דאָס בלוטיקט דאָס האַרץ, דער לבנה'ס
אויף בליציקע, בלאַנקע קינזשאַלן . . .

איך שוועב צווישן דרעמל און חלום,
און זע ניט די מינדעסטע סתירה,
וואָס ליגט צווישן חלום און אמת —
אַלצדינג וואָס דו אַנסט איז — יצירה . . .

מיין קישן, צוקאָפּנס — אַ כוואַליע.
מיין קאַניץ  דאָס גאָלד פון באַגינען . . .
גוט־נאַכט! — אויס דעם וואָל פון מיין חלום,
וועל איך בייַע לעגענדעס דערשפּינען.

# מיין אויג וועט זיין דיין האָרבעריק

ריכט אויס די זעגלען דיינע לויט
דעם גאַנג פון מיינע שטערן.
פאַרטאָפּל אויפן שפּיץ פון מאַסט
דאָס ליכט אין דיין לאַמטערן.
ווער ס׳בלאָנזשעט דורות טויזנטער,
וועט ניט פאַרבלאָנזשעט ווערן.

אַזוי פיל לענדער אָנגערירט,
אַזוי פיל שטעט באַגעגנט:
אַ קוש געטון דאָס זאַמד פון ברעג,
און מיט טרערן זיך געזעגנט.
דער ים האָט צוגענומען זיי,
עלעהיי ס׳איז האַרבסט און ס׳רעגנט . . .

דאָס זאַלץ פון ים איז אויף מיין האַרץ,
די נאַכט — אין מיינע אויגן.
— ווי לאַנג וועט מבולן, גאָט מיין האַר!
וואו איז דער רעגנבויגן?
— די שלום־טויב איז ערשט ביי מיר
פון האַנט אַרויסגעפלויגן . . .

דער זעגל פלאַפּלט מיט דעם ווינט,
דער ווינט — מיטן מאַסט־לאַמטערן.
דער הימל שפּיגלט אָפּ אין ים
מיין האַרץ מיט מיינע טרערן.
די שלום־טויב — געוואָרן מיד —
מיין בלויער טרויער־שטערן . . .

אָ, שיין איז דיין פרימאָרגן גאָלד;
די פאַרבן פון דיין שקיעה . . .
דאָך, גאָט מיין האַר! עד מתי, פאַרט?!
אין דיר איז די מניעה!
איך זעגל נאָך די שטערן, און —
קיין סוף צו מיין נסיעה!

— נעם, שעפּ דיין זעגל אָן מיט ווינט,
מיט ליכט דיין מאַסט־לאַמטערן,
און אויף דיין לעצטן ים־עטאַפּ,
ווייל אויס דיין גורל־שטערן . . .
מיין אויג וועט זיין דיין הארבעריק,
מיין האַנט — דיין אַנקער ווערן . . .

# צום אַקער־בויער

. . . יעט אויס דאָס ווילד־גראָז פון דיין פעלד,
די שטעכעדיקע דערנער,
און אַקער אויף דיין שטח ערד,
פאַרזיי די זריעה־קערנער.

נישט אַלע קערנער, וואָס דו האָסט
פאַרזייט אין דיינע בייטן,
צעבליען וועלן זיך אין מאי
אין זאַנגען און אין קוויטן . . .

איך קום דיך וואָרענען, כדי
יסורים דיר פאַרשפאָרן.
די רויז, געבוירן פון דער זון,
צעבליט זיך אויפן דאָרן . . .

פאַרגעס ניט, און געדענק: די מי
ביים אַקערן און זייען,
קאָן אָפט באַטריבן דיין געמיט,
דאָך . . . אָפט דיין האַרץ דערפרייען . . .

און טרעפט זיך, אַז דער היישעריק —
פון בייזן ווינט געטריבן —
פאַרצערט דיין מי . . . איז דאַנקען גאָט,
וואָס דיר איז פאָרט פאַרבליבן:

די ערד, דער אַקער און דער סערפּ;
דער שאָטן־קילער שייער,
און דיינע האַראָפּאַשנע הענט —
דיין האָפענונג צושטייער . . .

און ווידער וועסטו אַקערן
און נאָכאַמאָל פאַרזייען
דיין זריעה אין דער שוואַרצער ערד
און מיט דיין מי זיך פרייען.

געדענק, אַז צווישן זאַנגען גאָלד,
אין קופּער־רויטן קאָרן,
וועסטו בשעת דו שניידסט, אין האַרבסט,
ניט אויסמיידן דעם דאָרן . . .

# ש פ י נ װ ע ב ס

. . . אַז כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג פון שלאָף,
האָט הינטערן װאַלד די זון געזשאַרעט רויט,
און אונטערן בוים, װאָס האָט געמינעט זיך
אין כל־המינים פאַרבן, ביי מיין פלויט,

געפלאַטערט האָט אין שטילן מאָרגן־ווינט
אַ דינער, ראָזלעך־מאַטער שפּינוועב־ראָד.
אין מיט פון נעץ — געהאנגען איז אַ שפּין:
אַ שטומער עדות צו אַ בלינדן סוד . . .

פאַרקלאַמערט צווישן אירע שפּיזל־פּיס,
אַ בלודנע פליג געוויינט האָט שטילערהייד.
און אויסגעלאָשן האָט זיך אין מיין האַרץ
די שיינקייט פון אַן ערשט צעבליטער פרייד . . .

— „צ ע פ ל י ק ד אָ ס ש פּ י נ װ ע ב ס!״ — שושקעט מיר דער ווינט.
— „י צ י ר ה!״ . . . װאָרנט מיך דער בוים — „אַ ש אָ ד!״
— ס׳א י ז אַ ר מ ז!״ — ווינקט פון הינטערן װאַלד די זון:
ס׳ג ע װ ע ב א י ז — ל ע ב ן! א ו ן ד י ש פּ י ן — א י ר ס ו ד!״

# דער ליכטיקער

די שטילקייט פון דער מדבר האָט אים איינגעמידט.
די הייסע מדבר־ווינטן — דאָרשטיק אים געמאַכט.
און אַז דער דעמער האָט אין מערב זיך צעפּלייצט,
האָט ער געקניט, און אָנגעטרונקען זיך מיט נאַכט.

און ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ געלאָשענער,
איז ער געוועזן שוין אַ פאַרענדערטע געשטאַלט:
ער האָט דעם אָוונטשטערן איינגעשלונגען, זופּנדיק
די נאַכט . . . און ער האָט זיך אַ ליכטיקער צעשטראַלט . . .

און וואו ער האָט באַוויזן זיך האָט דער המון געשאַלט:
— דאָרט גייט דער מענטש! די שכינה שטראַלט פון זיין געזיכט!
— דער גאָט געבענטשטער טראָגט אַן אוצר אין זיין האַרץ!
— אַן אוצר!? . . . און די בלינדע קאַרגט ער קערנער ליכט!?

— דער נאַרישער בעל־גאווה מיינט — ער איז דער סנה!
— דער אור־הגנוז! . . . האָט דער נאַר זיך איינגערעדט!
— אַ רואה־ואינו־נראה איז ער דאָ אויף אונדזער ערד!
— אַ זינדיקער מכשף איז ער! אַ פאַרפירעניש . . . אַ שד!

— סקיל ה־ה־ה־ה־ה־ה־ה־ה — — — — —

פון לאַנד צו לאַנד, פון שטאָט צו שטאָט דער נרדף יאָגט,
און טראָגט ביי זיך אין בלוט דעם בלויען שקיעה־פלאַם;
דאָס בענקען פון די שטערן און דעם טרויער פון דער ערד;
די איינזאַמקייט פון מדבר און דעם אומרו פון דעם ים . . .

# אַ געהיימע מסיבה

## באַלאַדע

זיין באָרד איז — פלאַקס. זיין האַנט איז — וואַקס.
צוויי אויגן — שוואַרצע שפּינען.
ער כאַפּט מיך אָן ביים לאַץ, און שרייט,
ווי ער וואָלט אַראָפּ פון זינען . . .

די אויגן שווּעבלען — אַגרעס־גרין.
די ווייסע ליפּן שוימען.
עס פליען ווערטער אים פון מויל,
ווי פונקען פון אַ קוימען:

— דו ביסט אַ מאמין . . . אַ פּאָעט!
און ביסט מחויב צו גלויבן!
און איידער כ'ענטפער, האָט ער שוין
זיין סיפּור אָנגעהויבן:

— געקומען בין איך שפּעט, נאָך חצות,
און האָב די געסט געטראָפן
שוין זיצנדיק אַרום דעם טיש
פאַרהונגערט, האַלב פאַרשלאָפן . . .

— איך האָב פאַרשפּעטיקט זיך אין גאַנג —
אל חנון איז מיין עדות! —
דער וועג איז לויטער שטרויכלונגען,
די שטערן — חידות, סודות.

מיט אויגן אָפענע געשפּרייזט,
פאַרכישופט פון נסיונות . . .
און די געבענטשטע שעה פאַרשפּילט:
דער נס פון אור הגנוז...

דאָס טישטעך שימערט — שניי אין שבט.
די לאָמפּן — האַרבסט־לבנות.
די טעלער — בלייך, ווי פּנימער
נאָך אַ לאַנגן, שווערן תענית.

די עס־מכשירים שימערן —
אַ מאַטער רעגנבויגן.
די אורחים קוקן אויפן טיש
מיט הונגער־זשעדנע אויגן.

באַטראַכטן איינס דאָס אַנדערע
מיט חשד, געהיימער מורא.
עס פלאַטערט ווי אַ פלעדערמויז,
אין זאַל, די מרה־שחורה . . .

די עס־מכשירים גליווערן,
די כוסות בלינצלען, בליצן.
— וואו איז אַ שטול פאַר מ י ר ? און וואו
באַשערט איז מיר צו זיצן ?!

— דאָרט שטייט אַ שטול, אַ ליידיקער,
ביים טיר — פון דיינעטוועגן.
— אַ שטול ביים טיר ? — איז דאָס פאַר מ י ר ?
פאַרשפּאָרט געווען צו פרעגן.

איך זיץ פאַרלוירן און באַטראַכט
אַרום זיך מיינע שכנים :
אַן איינזאַמע מסיבה געסט,
אַן עדה ווייסע זקנים.

— וואו איז דער אויבן־אָן, ביים טיש ?
ווער איז דער מכניס־אורח ?
משמעות, אַז דער האַר פון הויז
איז רייך, נאָר . . . ק אַ ר ג ווי קרח !

והא ראיה — באַקעט שטייט דער טיש,
און ניכטערע די כוסות.
— אויף וועמען וואַרט מען דאָ? אויף „א י ם",
דעם ליכטיקן בעל־מופת!

— ווער האָט פאַרבעטן דאָ די געסט?
— אַ בת־קול לאָזט זיך הערן:
— דאָס אור הגנוז האָט דאָ היינט
געזאָלט נתגלה ווערן!

— „געזאָלט?" . . . „ג ע ז אָ ל ט!" קרומט איבער בייז
דער רואה ואינו נראה.
מיר זייגען מיד פון וואַרטן, קראַנק
פון ספקות, סוד און סתירה!

די אורחים זיצן שטאַר און שטום,
קיין שאָרך, קיין פיפס אפילו.
די כוסות צאַנקען ווי די ליכט,
אין שול, אַ שעה פאַר נעילה.

די שכנים רעכטס, די שכנים לינקס,
מיט פאַרמעט־געלע אויגן,
באַטראַכטן מיך פון קאָפּ ביז פיס,
די העלדזער אויסגעצויגן,

ווי געגדז צערייצטע: — ד אָ ס ב י ס ט ו?!
ג ע ז אָ ל ט ז י י ן ג אָ ט'ס ש ל י ח!
ד ע ר ק ו ל מ ב ש ר א י ן ד ע ר נ אַ כ ט;
ד ע ר . . . ש ו פ ר ־ ש ל ־ מ ש י ח!

מיר וואַרטן דאָך אויף דיר שוין זינט . . .
גאָט'ס ערשטן אָוונטשטערן:
— „ע ר ג י י ט! ע ר ק ו מ ט! א י ן ז כ ו ת פ ו ן „א י ם"
ו ו ע ט ס'ל י כ ט נ ת ג ל ה ו ו ע ר ן!"

געוואַרט! . . . נאָר נאָך אַיעדן גאַסט,
נאָך יעדן פרעמדן שכן . . .
האָט אויסגעלאָשן זיך אַ ליכט,
אַ רמז אויף בטחון! . . .

צייל איבער! אַלע געסט שוין דאָ?
— אַיעדער שטול פאַרנומען!
— נאָר, — אין וועמעס זכות ס'האָט געזאָלט געשען
דער נס . . . איז נישט געקומען!

איצט דו, דער לעצטער! נישט געבראַכט
קיין וואָרט פון טרייסט אפילו! — — —
געביילטע פויסטן טויכן אויף,
און גרילצן: — סססקילה! סססקילה!

נאָר, איידער ס'האָט געענדיקט נאָך
דער רואה ואינו נראה,
זיין לעצטן גרילץ, האָט גאָט באַגייט
זיין ליכטיקע יצירה . . .

אין מזרח האָט דער רויטער האָן
זיין שחרית אָפגעקרייעט,
אַ פּאָך געטאָן די פליגלען און
דאָס נאַכט־געשפּענסט צעווייעט . . .

און איידער ס'האָט פאַרענדיקט נאָך
זיין וואָרט דער לעצטער אורח,
איז ער געוואָרן נעלם, אויס! —
אַריין אין ד'רערד ווי קרח.

# דער דריטער פּליגל

א

זיין שיף איז ברודיק־גרוי און אַלט אַזוי ווי נח׳ס תבה.
זיין זעגל קויטיק, און דער מאַסט — אַ קוימען נאָך אַ שׂרפה.
און ער אַליין איז הויך און שלאַנק און זשוואַווע ווי אַ שלייען.
צוויי אויגן — עמעראַלד, אַ קאָפּ מיט רויטע האָר, וואָס שרייען . . .

זיין נאָמען — סקיפּ. מער ווייסט מען ניט. און ער אַליין, במחילה,
ווייסט אויך נישט מער פון וועגן זיך; זיין פאָלק, זיין שטאַם אפילו.
באַשאַפן האָט דעם מענטשן גאָט, געשטאַלטיקט אין זיין פורעם.
נאָר אים, — געבוירן האָט דער ים און אויסגעוויגט — דער שטורעם.

ב

זיין שיף איז זייער שפּאָרעוודיק, און האַלט פון שפּאָרן, קאַרגן.
זי שליינגט איר שטח ברעקלעכווייז, כדי זיך נישט צו וואַרגן . . .
זי ציילט די כוואַליעס אויפן ים, ווי ס׳ציילט אַ קמצן רענדלעך.
זי מעסט די צייט מיט אייביקייט, און אייביק מיינט — אומענדלעך . . .

דעם פּאָרט, וואוהין דער זעגל פירט, וועט קיינער נישט פאַרקויפן.
דער ברעג וועט פון דעם אַלטן ים, חלילה, ניט אַנטלויפן.
און לאָזט זי שוין אַראָפּ אין פּאָרט דעם שווערן אַנקער אירן,
איז נאָך אַ טאָג, און צוויי, און דריי! וואָס האָט זי צו פאַרלירן?

און אגב האַלט זי פון דעם כלל, אַז פונקט ווי ס׳איז דיין שאָטן
אַליין זיך גלייך . . . איז יעדער פּאָרט אין צווייטן פּאָרט געראָטן.
און סקיפּ, — ער שלעפּט זיך שוין מיט איר אַזוי אַ שאָק מיט יאָרן.
ווער ציילט די האַפנס און די שטעט, וואָס ער׳ז פאַרבייגעפאָרן?

ג

זיין פראַכט־שיף ז׳אָנגעלאָדן שווער מיט כל־המינים סחורות:
מיט פלאַקס און וואַקס, מיט וואָל און שטאָל, מיט קאַווע, רייז און קטורות.
די מאַנשאַפט — דרייצן — שוין מיט אים — אַ האַרדע ווילדע יאַטן.
פאַרברוינט פון זון און זאַלץ און ווינט, ווי וואָרע ים־פּיראַטן.

און שטעלט זיך אָפּ זיין שיף אין פּאָרט, צעהוליעט זיך די האָרדע.
און סקיפּ טוט אָן זיין יום־טוב קלייד, און גאָלט זיך אָפּ די מאָרדע;
נעמט מיט דאָס שאַרפּע מעסער זיינס; זיין ליולקע און גיטאַרע;
אַ לערן עמער פאַר פּראָוויאַנט . . . און היידאַ! מאַכט אַ וואַרע:

עס גייט דאָ סקיפּ אין שטאָט אַריין געניסן פון גן־עדן.
פאַראַן אַ שענק מיט בראַנפן, וויין, געזאַנג און בלאָטע מיידן.
דאָרט ברענען לאָמפּן אויף אַ קול, און אין די מידע גלידער
דער בראַנפן צינדט זיך און פלאַמט מיט ניבול־פּה און לידער.

ד

פון פּאָרט צו פּאָרט נעמט וואָכן לאַנג, וואָס ציען זיך ווי יאָרן.
און ס'האָרץ איז ניט קיין מדבר און די צונג איז ניט קיין דאָרן . . .
איז ווי ער שפּאַנט אַזוי באַמערקט זיין אויג אַ שוואַרצן פּינטל
אין הימל־רוים און ס'טוט אַ צי פון ים אַ פריקרע ווינטל.

דאָס אויג זיינס איז געניט און זעט: פון פּינטעלע אַנטקעגן
וועט באַלד אַרויס אַ פינצטערניש — אַ וואָלקן פול מיט רעגן.
כך־הוה! . . . ס'ווערט פון פּינטעלע אַ וואָלקן, אַ מחבל!
אַ בליץ, אַ דונער, און עס טוט אַ פּראַל אַראָפּ אַ מבול.

עס וויגט זיך אונטער זיינע פיס די ערד — אַ קנויל פון בליצן.
דער מבול בייטשט און דאָ ז'נישטאָ צומאָל זיך וואו צו שיצן.
נאָר פּלוצים יאָוועט זיך ביים שליאַך אַ יאַדלע — היי, בן־אדם!
נעם כאַפּ אַרונטער זיך און צי פון זיך אַראָפּ די בגדים,

און פּאַק אין עמער זיי אַריין — חוץ גאָט דאָ זעט ניט קיינער —
טו אָן דעם עמער אויפן קאָפּ, און זאָל עס מבולן קעץ און שטיינער . . .
אָן הרף־עין . . . און אין וויגט, ווי פליִעווע זיך צעפליען
פון וואָלקן די שיריים, און די זון פונסניי נעמט גליען . . .

פון הינטערן ווייטן האָריזאָנט גייט אויף אַ רעגנבויגן.
צום הימל קוקט אַרויף דער ים מיט טויזנט בלויע אויגן.
און ווידער יאָוועט זיך ביים שליאַך אַ בוים. אַ מעווע קראַקעט:
— נעם כאַפּ אַרונטער זיך און טו די קליידער אָן: ביסט נאַקעט!

ער טוט זיך אָן. עס שטראַלט די זון. דער הימל הענגט אַ בלויער.
די שטילע שטילקייט שושקעט אים אַריין אַ שושק אין אויער:
— אַ־יאָ ס׳איז גוט? אַ־יאָ ס׳איז וואויל? אַן אמתער גן־עדן!
עס וואַרט אויף דיר דער שענק, אין שענק — געטראַנק, געזאַנג און מיידן!

ה

ער שפּאַנט און שפּרינגט, ער זינגט און ס׳קלינגט אים אונטער די גיטאַרע.
אין הימל טאַנצט אַ ציגעלע — אַ רעשטל וויסע כמאַרע...
איז ווי ער שפּאַנט אַזוי און זינגט, קומט פּלוצים אים אַנטקעגן
דער ש ד! ער קוקט אים אָן פאַרגאַפט: — ביסט גאָרנישט נאָס פון רעגן!?

— איך קאָן אַ שפּרונג, — באַרימט זיך סקיפּ — געווירשנט פון מיין טאַטן:
ס׳קען מבולן אויף ד ע ר ג אַ נ צ ע ר וועלט, און מיר זאָל גאָרנישט שאַטן.
דער שד הערט אוים און מאַכט צו אים: — וואָס ביסטו אַ בעל־מופת?
דו קענסט אַזאַ מין שפּרונג, וואָס א י ך, דער ש ד, בין אים ניט תופס?!

צעלאַכט זיך סקיפּ. — דאָס איז אַ סוד! און גאָט האָט מיך באַשוואוירן
איך זאָל אים ניט מגלה זיין פאַר דיינע אייזל־אויערן...
צעקאָכט דער שד זיך: — וועסט ביי מיר אַ סוף אַ וויסטן האָבן.
איך קאָן דיך מאַכן קרח־רייך און דיך, ווי אים, באַגראָבן!

מיין קעניגרייך איז אין־לשער. מיין כישוף־מאַכט — אומענדלעך.
אומיסטן פּרוּוו מיין כישוף אוים! ווילסט זיבן פעסער רענדלעך?
— וואָס טויג מיר רענדלעך? צוליב וואָס? כ׳זאָל מאַכן זיך אַן עגל?
און בוקן זיך פאַר אים ווי ס׳בוקט זיך פאַרן ווינט דער זעגל?

די זיבן ימים זיינען מיר געענוג. און גאָט וועט מיך דערהערן,
פאַר יעדן נעפּלדיקן טאָג פאַרגיטיקן מיט שטערן.
נאָר, ווידער ס׳אייגענע צוריק... איך קאָן קיין סוד ניט האַלטן.
בעת׳ן מבול האָב איך זיך דאָרט היינטערן בוים באַהאַלטן.

זיך אויסגעטון אַ באַקעטער — דער בוים שטייט ווייט פון ישוב —
און נאָכן גוס, זיך אָנגעטון... אָט דאָס איז גאָר דער כישוף.
צעשרייט דער שד זיך אויף אַ קול: — דו וועסט באַצאָלן טייער.
ער צינדט זיך אָן, צעפלאַמט זיך און ווערט נעלם אין דעם פייער.

ז

אַ ברעג, אַ שטאָט, אַ פּאָרט, אַ שענק. ביז איינמאָל ערב שקיעה,
האָט סקיפּ די אויגן צוגעמאַכט . . . געענדיקט די נסיעה!
אַ מאַטראָס מעג בייטן אָפּט זיין ווייַן, זיין טאַבאַק, זיינע מיידן,
נאָר מיט זיין מעסער וועט ער זיך אַפילו טויטערהייד ניט שיידן . . .

אויך סקיפּ, בעת ער האָט באַמערקט, ווי ס׳טונקלען אים די שעהען,
און ווי די מעוועס איבער ים וווערן שוואַרץ ווי׳ן שבט די קראָען,
האָט אָנגעהויבן בעטן זיך: חברים! רייסט מיר בעסער
אַרויס דעם צונג פון שלונג, נאָר ניט פון גאַרטל־פּאַס דאָס מעסער.

און ס׳האָבן אים אין מיטן נאַכט דריי האַריקע מאַטראָסן,
איינאיינעם מיט זיין מעסער, שטיל צום ים אַראָפּגעלאָזן.
געשטאָרבן סקיפּ. נישטאָ אים מער. דער ים האָט אים פאַרשלונגען.
די כוואַליעס האָבן אים באַוויינט, דער שטורעם־ווינט באַזונגען.

און ס׳בלאָנזשעט סקיפּ פון ווינט צו ווינט, און קאָן זיך ניט דערשלאָגן
צום הימל . . . ביז אַ וויכער האָט פאַרדרייט אים און פאַרטראָגן
צום טויער פון גיהנום און אים דאָרט אַראָפּגעלאָזן:
— ג ן ־ ע ד ן  פ אַ ר  צ ד י ק י ם ,  א ו ן  ג י ה נ ו ם  פ אַ ר  מ אַ ט ר אָ ס ן .

און סקיפּ, ער ווייסט דאָס שוין פון לאַנג. ס׳איז איבעריק צו ריידן.
מיט זיבן שלעסער איז פאַר אים פאַרשלאָסן דער גן־עדן.
איז מאַכט ער קיין מחזקות ניט און — היידאַ צום גיהנום.
נאָר, ווי! ביים טויער שטייט דער שד, דער פינצטערער. ער קען אים!

אַ שד, בדרך־כלל, פאַרמאָגט אַן אייזערנעם זכרון:
דערקענט ער אים, און ס׳ציבדט זיך אַן אין אים אַ ווילדער צאָרן.
נאָר סקיפּ איז קלוג. צעלאַכט ער זיך מיט אַ געמאַכט געלעכטער.
— אַ שיין ספּעקטאַקעלע געווען. אַ שפּאַס, און ניט קיין שלעכטער.

— אַ שיין „ספּעקטאַקעלע״? נישט מער?! דו וועסט ביי מיר שוין לאַכן
מיט יאַשטשערקעס . . . אַזוינס ווי דו קען ס׳גיהנום חרוב מאַכן!
ער טוט אַ שטעק אַרויס די צונג; אַ שפּרונג, שפּרייט אויס אַ פּאָלע.
די פּאָלע ברענט. עס שמעקט מיט פּעך און הייסער סמאָלע . . .

— וואוהין־זשע זאָל איך גיין? — וויינט סקיפּ: — נו . . . אלא, מילא, מאַלע!
געמאַכט אַ שפּאַס . . . איז רעכט ביי דיר כ'זאָל זיין אין כּף־הקלע?
— פּ אַ ש אָ ל! — שפּייט אויס דער שד. און סקיפּ דרייט אויס זיך מיט דער פּלייצע
צום שד און לאָזט זיך גיין. — וואוהין? ווי גיט מען זיך אַן עצה?

איז ווי ער שפּאַנט זיך דאָס אַזוי, אין אַנגסטן און אין ליידן,
דערלאַנגט אַ בליאַסק אין פּנים אים דער טויער פון גן־עדן.
נאָר אויף דער שוועל פון טויער שטייט אַ מלאך אויסגעצויגן:
אַ פייערדיקע שווערד אין האַנט, אַ שווערד מיט טויזנט אויגן . . .

איז . . . דרייט זיך סקיפּ אַהין, אַהער. עס גייט אַן צווישןביידן
אַ שפּיל . . . אין קאָן שטייט איינגעשטעלט דער טויער פון גן־עדן . . .
ער וואַרט און היט, נאָר מיטאַמאָל באַווייזט זיך עפּעס איינער,
אַ נפש, ווי אַ שור־הבור — אַ באַרג מיט פלייש אָן ביינער.

צוויי אויגן ווי די קולאַקעס, אַ רויטער קאַרק, ווי פייער;
צוויי לאַפּעס פון אַ בער; אַ קאָפּ — אַ ברענענדיקער שייער . . .
ווייזט אויס אַ פּאָפּ! גייט אָנגעטון אַ שוואַרצע ראַזעוואָולקע,
אַ צלם אויפן האַרץ און אויפן בויך אַ ציבוק ליולקע.

איז כאַפּט ער זיך אַרונטער פלינק הינטערן פלאַשטש דעם שוואַרצן
און שמוגלט זיך אַריין . . . און אויס! אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.
און איז ער אין גן־עדן שוין, איז דאָך ניט שייך די סכּנה.
נאָר פלוצים טוט אַ שוועב פאַר אים אַ יונגע, שיינע נאָנע.

איר פוס איז גרינג, איר טראָט איז פלינק, איר גענגעלע — אַ פּאַווע.
אַנשטאָט איר קלייד — אַ פייגנבלאַט, און זי איז . . . ממש חוה . . .
פאַרגינט זיך סקיפּ, אין דמיון כאַטש, אין חוהן זי פאַרוואַנדלען.
ער מאַכט די אויגן צו . . . עס שמעקט מיט ווירעך, מירט און מאַנדלען.

ער וואָלט מיט איר פאַרפירט אַ פלירט . . . איז, שרעקט ער זיך: דערוויילע
וועט ער זיך פּרוּוון סטאַטקעווען, זיך האַלטן אין דער מעלה . . .
דער שטן אָבער טשעפּעט זיך . . . טוט אַלע ווייל אַ טאַרע.
ער חידושט זיך: ווי קומט אַהער דער לץ, דער יצר־הרע?

אים מיטגעבראַכט מיט זיך, אין זיך, פון „יענער" וועלט, משמעות.
דער טויט, — ער לייטערט אויס . . . מיט אים האָט ער געמאַכט אַ טעות.
ער קערט זיך אָפּ פון ס"ם און הערט זיך איין צום נוסח־תורה.
ק י י ן  ת ר ו פ ה  נ י ט ! . . . פון ניגון ווייגט אַרויס אַזאַ מין מרה־שחורה!

אַ צוגעשלאָגן ברומעניש, אָן קלאַנגען און אָן פאַרבן.
וואָלט ער ניט זיין קיין בר־מנן, וואָלט ער פאַר אומעט שטאַרבן.
ער טראַכט און קלערט, ער קלערט און שווערט, און נעמט אויף זיך אַ נדר:
פאַנאַנדערטרייסלען ס׳דרעמלעניש, צעשמעטערן דעם סדר.

ז

און סקיפּ איז קלוג, איז קלוג און ווייסט: פון אייביק אָן, אַ סברה,
איז דאָס שאַרפסטע קריגס־געווער — רכילות, לשון־הרע.
איז גייט ער צו הכנעהדיק צום פּאַטריאַרך, צו אברהמען.
— וואָס מאַכסטו, פּאַטערל? ש ל ו ם ! געבענטשט זאָל זיין דיין נאָמען!

אברהם הייבט אויף זיין קאָפּ און קוקט אים אָן מיט מרה־שחורה:
— וואָס זאָל איך מאַכן? אָט ווי דו זעסט! כסדר תורה, תורה!
זעצט סקיפּ זיך צו און מאַכט צו אים הכנעהדיק, בנעימות:
כ ס ד ר  תורה? טאָג ווי נאַכט! ווי ווערט עס דיר ניט נמאס?

הייגט זע דעם הולך וואָס דו גייסט. מען קאָן, חלילה, מיינען,
אַז דו ביסט סתם אַ בעטלערוק. — הייבט אָן אברהם צו וויינען.
נאָר סקיפּ איז שוין אַ ל י י ן דער לץ, אַ ל י י ן דער יצר־הרע,
ער רוקט זיך נעענטער צו צו אים און טוט אים לייכט אַ טאָרע:

— דו זעסט? דאָרט גייט ס׳בן־יחידל, דער נוצרי מיטן בערדל.
איז אויסגעפּאַשעט — בלוט און מילך, אָט, ווי אַ פּאַנסקע פערדל . . .
און זע די פּוכקע גבאיטעס! ווי בינען אים באַפּאַלן.
זיי קושן אים די הענט, די פיס, דעם שטויב פון די סאַנדאַלן.

אברהם הייבט אויף דעם וויסן קאָפּ. דאָס פּנים אָנגעצאָרנט.
— מיט אים בין איך שוין, טראַכט זיך סקיפּ, גאַנץ זיכערלעך באַוואָרנט . . .
ער הייבט זיך אויף: — אַ גוטן טאָג! און לאָזט זיך גיין — אַ, לילית!
דיין צונג איז שאַרף, דאָך שאַרפער איז דער חלף פון רכילות!

דערזעט ער פון דערווייטנס גייט דער סטאָליאַר פון נצרת.
פאַרנויגט ער זיך פאַר אים און זאָגט מיט וואַזשנעם דרך־ארץ:
— איך קום ערשט פון אברהמס געצעלט. ער זיצט זיך בהרחבה.
ער האָט דיך פיינט! און איז אויף דיר און דיינע אש־להבה.

די מופתים דיינע — ווינט און רויך, דיין תורה — שוא־ושקר.
דיין קלויסטער פרעדיקט פינצטערניש, און שנאה — דיינע גלעקער.
דער נוצרי צינדט זיך אָן פאַר כעס: — אַזאַ מין אַלטער תרח!
אָט איצט איז צייט צו הולכן, טראַכט סקיפּ, און נעמט דעם דרך.

אויך מיט אים בין איך שוין אויף אַ לאַד, אַ דאַנק דעם לשון־הרע,
איצט דאַרף מען גיין אַ טענה טון מיט אונדזער מוטער שרה.
די מוטער שרה זיצט און שטריקט אַ זאָק און זאָגט אַ תפילה.
— זיצסט איינאַליין, און לעבן דיר נישטאָ קיין . . . קאַץ אפילו?!

— אַליין! — זיפצט שרה. — ווער דאַרף אַ יידענע מיט אַן אויסגעקראָכן שייטל.
אַ הויקער, מיט אַ פּנים פון אַן אויסגעגנאָגטן טייטל?
— אָ, מוטערל! ניט רעד אַזוי. דו מאַכסט דאָך מיך צום וויינען.
די יוגנט האָט איר אייגן רייץ, די עלטער — אירע חנ׳ען.

ער רוקט זיך נענטער צו צו איר. — איך וויל דיך עפּעס פרעגן.
דו קענסט דאָך מרימען, די וואָס וואוינט אין שכנות דיר אַנטקעגן.
פאַרוואָס, זאָג, טרייבט זי וועגן דיר כסדר לשון־הרע?
זי זאָגט: דו ביסט ביז נײַנציק יאָר געזעסן אַן עקרה.

און ווען נישט דער אבימלך, דער תם, איז אַ סברה,
אַז דו וואָלסט ביז אין טויט אַריין פאַרבליבן אַן עקרה.
צעוויינט זיך שרה: גאָטעניו! וואָס הייסט? איך האָב דאָך עדות:
מלאכים דריי, געשיקט פון גאָט, און גאָט ווייסט אַלע מיינע סודות . . .

ער פרואווט זי טרייסטן קלאַמפּערשטן, נאָר שרה גיסט מיט טרערן.
— נו . . . זאָל זי וויינען, טראַכט זיך סקיפּ. עס וועט איר גרינגער ווערן.
ער הייבט זיך אויף און לאָזט זיך גיין. קומט מרים אים אַנטקעגן.
— פאַרגיב מיין העזה, האַרינטע! איך וויל דיך עפּעס פרעגן:

— פאַרוואָס איז שרה אויפגעבראַכט אויף דיר און רעדט מיט שנאה
פון וועגן דיינע מיידל־יאָר ? . . . אוודאי מחמת קנאה.
זי זאָגט : ווען דו ביסט נאָך געווען אַ בתולה, האָט אַ סיבה
געטראָפן זיך מיט דיר . . . דו האָסט מיט גאָט, דעם האַר, פאַרפירט אַ ליבע.

זיין גייסט האָט זיך באַהעפט אָן דיר, פאַרקניפּט, און ס׳איז אַ סברה,
אַז דו האָסט זיך באַנאַרישט — — — נאַר, — דאָס איז שוין לשון־הרע.
האָט מרים אָנגעצונדן זיך : — אַזאַ מין גרינע זשאַבע !
פאַרבראַכט אַ נאַכט אין פּרעהס הויף . . . וואָס איז ? פאַר עולם־הבא ?

און סקיפּ שטייט אויף און נעמט זיך גיין — אַ שפּיר־הונט אויפן לויער.
און ווען ער באַגעגנט נאַר, איז באַלד אַ שושק אין אויער.
— גע־הערט ? — און שוין אַריינגעשפּריצט אַ דאָזע מיט רכילות.
הכלל : ער שמייעט, האַוועט, זשויבעט, און שוין דערגרייכט זיין ציל איז.

ביז אין אַ שיינעם אינדערפרי ברעכט אויס אַ ווילדער שטורעם.
דער גן־עדן ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קרעטשמע מיט שיכורים.
עס סווישטשען פּאות, בערד און צעפּ, ווי איינגעווייקטע ריטער.
מלאכים וויינען אויף אַ קול, ווי אַ וואַלד אין האַרבסט־געוויטער . . .

דער כלל איז : אַז מען שפּילט אַ קאָרט, אַ כשר׳ע, — געווינט מען,
און אַז מע שקרנט, — פאַרשט מען נאָך, און אַז מע זוכט — געפינט מען.
איז האָט מען סקיפּן אויפגעזוכט, געכאַפּט אים פאַר אַן אויער,
אַריינגעשלעפּט צום בית־דין, און — דאָ הייבט זיך אָן דער טרויער.

דער בית־דין רופט די צדדים, די צדדים רופן עדות,
עס הייבט זיך אָן אַ מעשה מיט בלבולים, סברות, סודות.
אין עולם השקר, אַז מ׳כאַפּט אַזאַ מין ווילדע בריאה,
גייט אָן אַ משפּט, און דער פּסק איז — תפיסה אָדער תליה.

אין הימל אָבער איז נישטאָ קיין תליה, נישטאָ קיין תפיסה,
און משפּטן אַ טויטן איז — ניט שייך קיין צוויי מאָל מיתה !
קיין ערי מקלט — אויך נישטאָ, ז׳געבליבן ביים אַנטשיידן :
נאָך הונדערט שמיץ, דעם עכברש פאַרטרייבן פון גן־עדן.

ח

זיצט סקיפּ ביים טויער אויף אַ שטיין, צעממיתטט פון די ריטער,
דער קאָפּ איז שווער, אין אויג אַ טרער, און אויפן האַרץ איז ביטער.
ער פּרוווט זיך טרייסטן און ווישט די טרערן פון די אויגן:
געווען אַ שטורעם אויפן ים . . . געווען און איז פאַרפלויגן.

וואָס אָבער טוט מען פאַרט אַציגד? וויפל איז דער שיעור צו ליידן?
אַ הונט אפילו האָט דאָך אויך אַליין פאַר זיך אַ ביידל.
עס פאַלט אים אָן אַ דרעמלעניש. ער שליסט די מידע אויגן.
אים חלומט זיך — אַ ווייס געצעלט, אַ בונטער רעגנבויגן . . .

ער כאַפּט זיך אויף, צעטשוכעט זיך: דער חלום איז אַ רמז . . .
דו וויל נאָר, קען דער חלום זיך פאַרוואַנדלען אין אַן אמת!
די האָר פון קאָפּ, די האָר פון באָרד דערגרייכן דיר שוין ביז די קנעכל,
און האָר איז — פלאַקס! פאַרטראַכט זיך סקיפּ: עס לייגט זיך אויפן שכל.

געהערט האָט סקיפּ: דעם בר־מנן פאַרצערט דער בלינדער וואָרעם,
נאָר האָר און בעגל וואַקסן פריי, ווי ווילדגראָז צווישן קברים.
פון האָר קען ווערן זשמוטן פלאַקס, פון פלאַקס קען ווערן פאָדעם,
פון פאָדעם לייוונט, און פון לייוונט — זעגלען, זעק, בגדים . . .

און וועבער־נאָדלען האָט ער דאָך — צען קופּערדיקע בעגל.
און וועבן אַ געצעלט איז אים . . . עלעהיי ער וועבט אַ זעגל . . .
איז ציט ער פונם גאַרטל פלינק אַרויס זיין שאַרפן מעסער,
און גאָלט זיך אָפּ דעם קאָפּ, די באָרד, אַ בריטווע קען ניט בעסער . . .

אַ באַרג מיט פלאַקס! ער שפּינט, ער וועבט מיט גיריקער כוונה.
נאָך זיבן טעג און נעכט גייט אויף, ווי׳ן מולד די לבנה,
פאַר זיינע אויגן אַ געצעלט . . . און סקיפּ האָט אויסגעבראָכן
אין אַ צעיובלטן געזאַנג. אַ ליד פון פרייד־נצחון.

ט

זיצט סקיפּ ביים שוועל פון זיין געצעלט און טשאַטעוועט כסדר,
צי גייט ניט ווער, וואָס טראָגט דעם ריח פון ים אין זיינע קליידער.
און קוים דערשמעקט ער אים פון ווייט, שרייט ער אויס צו יענעם:
— היי! קום, שטעל אויף דאָ דיין געצעלט און שפּיי אויף דעם גיהנום!

און דיר דאַרף איך דאָך ניט זאָגן, אַז פאַר אונדז מאַטראָסן,
איז דער גן־עדן, אויף זיבן שלעסער, שטיף פאַרשלאָסן.
הכלל, געצעלטן — אין לשער! אַ ים מיט זילבער־וועלן,
ס'איז באַלד נישטאָ שוין אַוואו אַ פוס אַוועקצושטעלן.

פון איין זייט דער גיהנום, און פון צווייטן דער גן־עדן.
עס מישט זיך תורה, נבול פה צונויף מיט צער און ליידן . . .
און צווישן ביידע טויערן — געצעלטן אויף געצעלטן —
דער גבר, דער נאַר און דער בונטאַר — באַזונדערע דריי וועלטן.

י

אם ירצה השם, נאָך הונדערט און צוואַנציק . . . ווען מיר וועלן ביידע
ס'הייסט דו און איך, צי איך און דו, זיין גרייט צו דער עקדה,
וועלן מיר זיך נעמען פאַר די הענט, און מ אַ ר ש! צום דריטן פליגל,
וואו ס'איז נישטאָ קיין טויער, קיין שלאָס, אָדער ריגל.

פון גן־עדן איז אָפּגערעדט, דעם גיהנום האָבן מיר דאָ, אויף ד'רערד, במחילה;
אים צ ו ו י י מאָל איבערלעבן . . . קען קיין טויטער ניט אפילו!
בכן: איז אונדזער וועג — דער וועג צום ישוב „אָן אַ נאָמען".
געבענטשט זאָל זיין דער מורד, סקיפּ. זאָגט: אמן! אמן! אמן!

# ז י ב ן  פ ע ר ל - פ י ש ע ר

## ב אַ ל אַ ד ע

איך האָב געזען אין חלום:
אין מיטן ים אַ זעגל,
און אויפן מאַסט אַן אָדלער
מיט בלוט פאַרפלעקטע נעגל.

צופוסנס פון דעם מאַסטבוים —
אַ הויפן ווייסע ביינער;
אַ לאָגל, און אַ שאַרבן,
מיט שטשירענדיקע ציינער.

— ווי הייסט די שיף? . . . פון וואַנען?
און ס'ענטפערט מיט בראַוואַדאַ
דער שאַרבן: — „ו ו י י ט ע ר  ש ט ע ר ן"
און קומט פון על־דאָראַדאָ!

איך בלייב פאַרגאַפט, דערשיטערט.
קען קוים אַ ברעם באַוועגן:
— ווי האָט געוואוסט דער שאַרבן,
פאָראויס, וואָס איך וויל פרעגן?!

ער ענטפערט ניט מיין טענה . . .
באַר פלאַפּלט ווי אין פיבער.
איך קלער . . . איך הער און שלאָג אים
דאָס פלאַפּלען זיינס ניט איבער.

און דריי מאָל טוען אַ בלינצל
ביים אָדלער די שוואַרצאַפּלען:
— ד ע ר צ י י ל ן . . . און ס'נעמט דער שאַרבן
מטושטש שטאַמלען, פלאַפּלען:

— פון זיבן פערל־פישער
בין איך אַליין געבליבן,
דער אײנציקער, דער לעצטער,
דער זיבעטער פון זיבן.

— פון זיבן פערל־פישער,
— דער ל ע צ ט ע ר ?! — פרעג איך איבער.
— זיי אַ ל ע אויסגעשטאָרבן
פון דאָרשט . . . פאַרצערט פון פיבער!

— צוערשט — אַ שוואַרצער שטורעם,
מיט דונערן און בליצן.
דערנאָך — אַ ווייסער הימל
מיט פיבערדיקע היצן.

אַ ים, אַ ים מיט וואַסער.
מיט פערל, שוים און שטערן.
נאָר . . . טרינקען? טרינקען?! — סיידן
דאָס זאַלץ פון דײַנע טרערן . . .

* * *

אָ, שווער איז צוצוזען,
פון פיבער, מענטשן שטאַרבן.
איז . . . ווער זאָל זיין דער יורש?
דעם לאָגל ווער זאָל אַרבן?!

סך־הכל ב ל ו י ז איין לאָגל,
און פערל־פישער זיבן.
איז . . . על־פּי דין דער לאָגל
אין מיין רשות געבליבן.

עס גליען זעקס פאָר אויגן.
עס פיבערן זעקס פאָר ליפּן.
אין בלוט דער סם פון שנאה
זידט ממש דורך די ריפּן . . .

נאָר, הייבט ווער אויף אַ מעסער,
אַ פּויסט, ווער איך דער עדות,
דער שופט און דער תלין —
טו אַלע דריי עבודות!

* * *

אָ, שווער איז צוצווזען,
ווי ס'שווימען טויטע גופים,
מיט פּנימער פון מאַסקעס,
און אויגן ווי חלפים.

בין איך דאָך פאָרט דער פּילאָט.
אין מיר איז די מניעה
וואוהין איך זאָל זיי ברענגען
לסוף פון דער נסיעה . . .

אַליין, אַליין דער לעצטער,
דער איינציקער געבליבן:
פון זיבן פּערל־פּישער —
דער זיבעטער פון זיבן.

* * *

אָ, שווער צו זיין דער לעצטער,
אַליין צווישן ים און הימל.
די כוואַליעס הוידען, וויגן,
דאָך ווייכט פון דיר דער דרימל.

מחשבות טאטשען, גריזשען
דעם מאַרך דיר היינטערן שאַרבן.
דו וואַרטסט דער טויט זאָל קומען,
דו וואַרטסט, נאָר — קאָנסט ניט שטאַרבן!

אין ווינט — דער זעגל פלאַטערט,
די כוואַליעס ברומען, שרייען:
— זעקם לעבנס אויסגעוואָרגן!
רוצח! מערדער! קין!

* * *

עס הענגט אַ בלינדער הימל
דעם שטומען ים אַנטקעגן.
עס בליצט. דער דונער הודיעט,
און . . . נישט קיין טראָפּן רעגן!

און אַז איך האָב דעם זעקסטן,
דעם ייִנגסטן פון אונדז זיבן,
צוליב אַ טראָפּן וואַסער
דערשטיקט, און בין געבליבן

אַליין צווישן ים און הימל,
פון וועלט און גאָט פאַרגעסן,
האָט מיך דער ווילדער אָדלער
צעדרויבט און אויפגעפרעסן.

פון זעקס איז ניט געבליבן
קיין איינציקער, קיין איינער,
וואָס זאָל אַרונטערלאָזן
אין ים מיין זעקל ביינער!

אָ, שווער — אַליין צו לעבן,
נאָך שווערער ז'אַליין צו שטאַרבן.
נאָך זיבן פערלפישער —
אַ זכר איז . . . מיין שאַרבן.

* * *

עס לעשט זיך אויס דער הימל,
עס צינדט זיך אָן דער זעגל.
אויפן מאַסט — אַ שוואַרצער אָדלער
מיט בלוט צעגליטע נעגל.

דער ים ווערט גרוי און גרויער,
די כוואַליעס וויגן, וויגן.
דער שאַרבן שליסט די ציינער
און ווערט פאַרשטומט, אַנטשוויגן.

* * *

איך האָב געזען אַ חלום.
אין חלום שטעקט אַ רמז:
דער ים באַהאַלט די פערל,
דאָס האַרץ — דעם וואָרן אמת . . .

# די באַלאַדע פון די זיבן זקנים

זיצן זיבן ווייסע זקנים
ביי דעם וואַרשטאַט און מען נייט.
זיבן פענצטער, זיבן ווערבעס.
שפּעטע נאַכט. אין דרויסן שנייט.

אויף דער וואַנט — דער פלאַם פון לעמפּל
פלאַטערט ווי אַ זשעדנע בין:
— „דער וואָס וויל דערלעבן פרילינג,
און וויל זען זיין ווערבע גרין,

זאָל זי היינט ביינאַכט באַקליידן,
און ניט לאָזן זי פאַרשעמט
פאַר די שאַלטיקעס, די ווינטן —
באָרוועס, נאַקעט, אָן אַ העמד...״

זיבן פּאָר שפּאַקולן בלינצלען
איבער זיבן ווייסע בערד.
אויפן טיש — דאָס לייוונט שימערט,
ווי דער שניי וואָס אויף דער ערד.

אויבן־אָן, דער ראש־הזקנים,
ציט אַרויס פון באָרד אַ האָר,
און פאַרפעדעמט זיך די נאָדל.
און דער פאָדעם — זילבער־קלאָר —

גיסט צונויף זיך מיט דעם לייוונט,
און דאָס לייוונט — מיט די בערד,
און די פענצטער — מיט די ווערבעס,
און די ווערבעס — מיט דער ערד . . .

נייט דער זקן מיט התמדה,
טוט אַ גלעט די ווייסע באָרד:
— פּ ט ו ר! שוין באַקליידט מיין ווערבע
און . . . נאָך י ת ו ר אָפּגעשפּאָרט!

רופט זיך אָפּ אַ צווייטער זקן —
טרוקן ווי אַ באקסער, דאַר —
טוט אַ גלאָץ מיט די שפּאַקולן,
און דאָס קאַפּל בייז אַ שאַר.

ס׳בליצט זיין נאָדל, אַז עס פליען
ממש פונקען אויס די שטעך:
— י ת ו ר  א י ז  אַ ן  א י י ד ע ל ע ר  ע נ י ן,
א ו ן . . . געהערט  צ ו ם  ג אַ נ צ ן  צ ע ך!

טוט דער ערשטער גרייז אַ שמייכל:
— כ׳נעם דאָס יתור נישט פאַר זיך!
וויל, חלילה, נישט פאַרטיילן
קיינעם און דער עיקרשט — ד י ך!

אויפן טיש דאָס לעמפל זשיפּעט.
ערגעץ טוט דער האָן אַ קריי. —
אויף די פענצטער בליאַסקען ווערבעס,
און געדיכטער פאַלט דער שניי . . .

איינס נאָך איינס, ביים טיש, ווערט נעלם.
אונטערן באַלקן, אויף דער וואַנט,
זיצט אַ שאָטן איינגעהויקערט,
נאָדל־פאָדעם אין דער האַנט — — —

ווענדט דער זייגער זיך צום לעמפל:
— א פ ש ר  ו ו י י ס ט ו  וואָס  ע ר  נ י י ט ? !
— נ י י ט  פ ו ן  י ת ו ר  ז י ך  ת כ ר י כ י ם ! . . .
ס׳וויינט דער ווינט . . . אין דרויסן שנייט . . .

# אַן אורח אין גן־עדן

## באַלאַדע

מלכהן אַ מתנה

א

עס פאַדען שאָטנס אַרום מיר,
אין לבנה־ליכט אין געלן.
דאָס מעסער בריט . . . אַ דינער שניט.
אַ שנירל רויטע קרעלן.

אַ ווייסע טויב. אַ שוואַרצע קראָ.
און איך — אַ שוואַלב — אין מיטן.
שוין זיבן מאָל האָט טויב און קראָ
די פעדערן געביטן . . .

די טויב איז שוואַרץ, די קראָ איז ווייס,
און איך, די שוואַלב, בין ביידע . . .
איך בין דאָס יינגל און דער לאַם:
דער פלאַם און די עקדה . . .

די טויב איז ווייס, די קראָ איז שוואַרץ.
געביטן די רמזים . . .
עס דאַכט זיך מיר: די שטילקייט זיפצט:
— אל חנון! ניט פאַרלאָז אים!

נאָר אונטערן מעסער שמייכלט קלוג
דאָס רויטע שנירל פאַרבן:
— אַ מענטש פון ערד און טרויער שטאַרבט,
זיין חלום — קאָן ניט שטאַרבן!

און ווי איך טראַכט דאָס טראַכטעניש,—
פאַלט אָן אויף מיר אַ דרימל.
און אַז איך כאַפּ זיך אויף, בין איך
מיט ביידע פיס אין הימל . . .

ב

איך שטיי אַ בלענד־פאַרכישופטער:
— דער נס איז וואויל געראָטן! . . .
אַ וואָלקן ווי אַ ווייסער לאָם
שפּרייט אויס פאַר מיר זיין שאָטן.

איך שפּאַן און שפּיר ניט מיינע טריט.
כ׳הייב אויף מיין קול און הער ניט.
כ׳פאַרווירבל זיך אין אַ ספּיראַל:
— געוועזן . . . בין דאָ . . . און — ווער נישט!

דאָך פיל איך ווי עס קלאַפּט מיין האַרץ,
ס׳פּולסירן מיינע אויגן.
אַ וואָלקן שוועבט און הינטער אים
שווימט נאָך אַ רעגנבויגן.

אַ בלענדעניש צונויפגעוועבט
פון כל־המינים פאַרבן:
— ניט פאַרכט זיך: ס׳קאָן אַ רוחניות,
וואָס לעבט שוין ניט, ניט שטאַרבן . . .

— אָ, גאָט מיין האַר! שפּרייט אויס אויף מיר
דיין האַנט און טו מיך בענטשן.
פאַרוואַנדל מיך צוריק אין גוף;
אין פורעם פון אַ מענטשן,

כדי איך זאָל דערמאָנען זיך,
דערמאָנען און געדענקען.
לאָז איבער אין זכרון מיר
דעם אומעט כאָטש פון בענקען . . .

ג

איך זע פיר טייכן פעלדלען זיך.
און יעדער טייך באַזונדער
פאַרשפּיגלט ס׳רעגנבויגן ליכט,
און ס׳גייט אויף אַ נייער וואונדער.

און איך, דער מענטש פון ערד און בלוט,
בין ווידער פרום און גלויביק.
אין אַלע זיבן הימלען — א י ך!
פ ו ן א י י ב י ק ב י ז ק ל א י י ב י ק!

ד

. . . נאָר, וואָס איז מיר די אייביקייט,
מיט אַלע וואונדער־פריידן,
אַז פאַר דאָס ערדישע אין מיר, —
פאַרמאַכט איז דער גן־עדן?

אַז אייביק שטייט דאָ אויף דער וואַך
דער מלאך פאַרן טויער,
און היט . . . דאָס בלוט פון הבל, און
דעם פאָטער אדמס טרויער.

נאָר, אויך דעם מ ל א ך האָט דאָך גאָט
געשטאַלטיקט אין זיין פורעם;
פאַרזייט אין אים דאָס זריעה־ליכט
פון ערדישע יסורים . . .

אויך ער קאָן ווערן ערדיש־מיד
פון ראַנגלען זיך און ווערן
מיט שלאָף, און שטראָף־פון־אייביקייט,
און מוטער חוהס טרערן . . .

און . . . זע! דער שלאָף האָט איבער אים
זיין בלויע נעץ פאַרצויגן . . .
די שווערד ביי אים אין האַנט — אַ שלאַנג
מיט דימענטענע אויגן.

זי שיינדלט זיך, זי חנדלט זיך,
דער כישוף־רייץ נעמט ריידן:
— סך־הכל בלויז אַ הירשן־שפרונג,
און דו ביסט אין גן־עדן!

אַן אויגן־וואונק, און איך בין שוין
אַ הירש מיט פייער־פליגלען.
איך שוועב, און ס׳בליאַסקען אונטער מיר
פיר זילבער־בלויע שפיגלען.

דער נחש צינגלט: אויס! . . . דו ביסט
דיין שרעק פאַרבייגעפלויגן.
דו ביסט צוריק אַ מענטש פון ערד,
מיט הענט, און פיס, און אויגן — — — —

ה

איך שפּאַן. דער שאָטן שפּאַנט מיר נאָך —
אַ וויסטע שטיק מרה־שחורה —
ער פלאַטערט ווי אַ בלאַט אין האַרבסט:
— איך פאָרכט זיך! איך האָב מורא!

איך נעם אים איין: — עס איז נישטאָ
די מינדעסטע סכנה.
דעם סוד . . . ווייס קיינער ניט — בלויז איך,
די שלאַנג און די לבנה.

. . . און וואָס אויב דיך באַגעגנט דאָ
דער סטרוזש פון די געצעלטן
און פרעגט דיך: — מה שמך? ה־אַ־אַ־אַ!
פאַרלירסטוביידע וועלטען!

און נעמט ער נאָך דיר בודק זיין
די ציצות אונטערן פאָלע, —
איז . . . חיבוט, פייער, היץ און שמיץ,
און פעסער הייסע סמאָלע!

איך בעט זיך: — וואַרפסט דאָך אָן אויף מיר
אַ באַרג מיט מרה־שחורה.
אין עולם־האמת וואוינען רק
צדיקים, לומדי־תורה!

צדיקים וואָרע האַלטן ניט
פון מוסר און מסירה.
זיי לערנען תורה באַכאַנאַנד,
און זינגען לויב און שירה.

ו

. . . דאָ, ביי אונדז, אין עולם־האמת,
פירט זיך אַנדערש ווי אויף ד׳ערערד.
דין און סדר! . . . ביים גן־עדן
שטייט דער מלאך מיטן שווערד,

היט אַיעדן בוים באַזונדער,
יעדן שאָרך און ווידער־קול;
יעדן שאָטן פון אַ פויגל,
וואָס פאַרבלאָנזשעט דאָ אַמאָל . . .

היט דעם צדיק, היט דעם למדן,
היט אַיעטוועדן געצעלט,
אַז פון זיינע ש״י עולמות
זאָל ניט מינערן קיין וועלט . . .

ז

יעדן אָוונט קלייבט מען איבער
דאָ די שטערן — על־פי־דין —
ווי ביי אייך, להבדיל, אַרבעס,
ווען דער אַרבעס איז נאָך גרין.

און אַ שטערן מיט אַ פגם —
שליידערט מען אַראָפּ אויף ד׳ערערד
פאַר אַ רמז . . . אַז דעם רשע,
איז אַ בייזע שטראָף באַשערט . . .

ערב מולד — בין־השמשות —
איידער ס׳דרעמלט איין די וועלט,
נעמט כביכול די לבנה,
וואָס איז אַלט שוין און פאַרגעלט,

און צעברעקלט זי אויף שטערן,
און צעווינטיקט זיי אין רוים.
יעדער שטערן ווערט אַ גורל,
יעדער גורל — ווערט אַ טרוים . . .

און די שיפער אויף די ימים,
די וואָס בלאָנזשען אויפן וועג,
שטעלן אָן לויט זיי די זעגלען
און דערשלאָגן זיך צום ברעג.

און אַ נייע האַלב־לבנה,
ווי אַ פישער־זעגל גרויס,
שווימט פון צווישן ווייסע וואָלקנס
אין דער בלויער נאַכט אַרויס . . .

ח

די געצעלטן, אין גן־עדן,
דרעמלען מיד ווי זאַטע שאָף.
ערגיץ־וואו טוט ווער אַ גענעץ,
טשוכעט זיך אַרויס פון שלאָף.

ס׳טריפט דער טוי, דאָס נעגל־וואַסער,
וואר־ביט־וואו גייט אויף אַ פלאַם,
שפיגלט אָפּ זיך אין דער בלויקייט,
ווי אַ שטערנדל אין ים.

אברהמס געצעלט — דער ערשטער אָפן.
פאַר זיין שוועל — דער טיש געגרייט;
שור־הבר און לויתן;
יין־המשומר, טייטלען, ברויט.

כאָטש קיין אורחים — נישט בנימצא, —
וואַרט ער פאַרט: — ווער ווייסט?
אים דערמאָנט זיך: דריי מלאכים,
אורחים, און . . . אַ ווייסע טרייסט . . .

— מחמת דעם האָט ער משמעות
זיך אַזוי מיט מיר דערפרייט?!
כ'האָב נאָך קיינמאָל אַזאַ חדוה
ניט געהערט אין קלאַנג פון רייד!

כ'בין זיין ערשטער הימל־אורח,
און דער לעצטער . . . מן־הסתם.
כ'בין פאַר אים די „גאָלדענע פאַווע"
אויף אַ ווייסן, ברייטן ים . . .

און דאָס קלייד זיינס שמעקט מיט מדבר,
מיט עקדה־רויך און וואָל . . .
און זיין באָרד, די ווייסע ,ציטערט,
און דאָס נעמלעכע — זיין קול.

און די פרומע מוטער שרה,
איינגעהויקערט, זיצט און שטריקט;
ציילט די אייגלעך, ווישט די טרערן,
און דער הוסט אין האַרצן שטיקט.

און איר קנויל שטאט ווערן קלענער,
וואַקסט, ווערט גרעסער אין איר שויס,
און דאָס ליכט, אין לייכטער, שמעלצט זיך,
רויכערט, בלינצלט און גייט אויס . . .

שפּעט אין אָוונט קריכט אַריבער
די לבנה שרהס צאַם,
און באַגינען טרעפט זי דרעמלען,
פאַר איר שוועל אַ ווייסן לאַם . . .

ט

כ'הער דעם פויגל פון גן־עדן,
אין עץ־חיים, זינגט זיין ליד:
פרייד און טרויער, נאָר מיין אויער
כאַפּט ניט אויף דעם אונטערשיד.

— גאָטס יצירה, אדמס פּחד;
חוהס טרויער, הבלס בלוט,
יצחקס פינצטערע עקדה;
משהס שטעקן, פּרעהס רוט . . .

ים־סוף, פרייהייט, וואָגל, וואַנדער;
מדבר, הונגער, דאָרשט און — מן.
שכר און עונש, סנה און ירדן,
און ס'פאַרשפּראָכן לאַנד כּנען . . .

גלות בבל, גירוש שפּאַניע,
אונדזער לעצטער אונטערגאַנג —
זעקס מיליאָן פון פאָלק פאַרשניטן
אַלץ אינאיינעם — איין געזאַנג.

י

יעדער איינער וויל פאַרגעסן,
וויל פאַרגעסן און . . . געדענקט.
ס'איז מיר אומעטיק ביז שטאַרבן!
כ'האָב זיך נאָך דער ערד פאַרבענקט.

כ'בין דיר מוחל, גאָט, גן־עדן;
יין־המשומר, מלאך, שווערד . . .
אומעט, בענקשאַפט, לייד און לידער
האָב איך דאָך לרוב אויף ד'רערד.

* * *

עס פאדען שאָטנס אַרום מיר.
אין פענצטער נעמט שאריען.
די שויבן אין פרימאָרגן־פלאַם,
ווי רויטע רויזן בליען.

און ביי מיין בעט — אַ ליב געשטאַלט
מיט אויגן פייכט פון טרערן:
אָ, העלף אים, גאָט, באַגעגענען,
קאַיאָר, דיין מאָרגנשטערן . . .

דער אַלטער זייגער, אויף דער וואַנט,
דערהערט און ענטפערט — א מ ן ־ ן ־ ן!
און אויפן שויב פאַרשרייבט די זון
מיט גאָלד מיין צוגאָב־נאָמען . . .

# אַ מעשה־נורא וועגן ים־הקרח

אַנומלט האָט אַ שטורעמווינט
אַראָפּגעפּירט פון דרך
אַ שטילע שיף פון שטילן ים
צום ווייטן ים־הקרח.

ווי ווייט דאָס אויג זעט — שניי און אייז
און גלעטשער־קאַראַוואַנען.
כסדר בין־השמשות רק,
קיין טאָג — איז ניט פאַראַנען . . .

דער אַלטער קאַפּיטאַן רק ער שרייט,
קאָמאַנדעוועט, גיט באַפעלן.
נאָר קיינער הערט ניט וואָס ער זאָגט.
היינט טרעף, וואָס קען ער וועלן?

ער שרייט און שילט און זידלט זיך.
עס זידט אין אים די יוכע.
זיין קאָפּ איז שניי, זיין ברעם איז פראָסט,
זיין באָרד — אַ זאַווערוכע . . .

עס לויפן די מאַטראָסן אום
פון ווינט און פראָסט צעפּלאָמטע,
אַהין, אַהער; אַהער, אַהין,
מע לויפט ווי מייז פאַרסמטע.

די סיבה איז: ווי נאָר עס ווערט
אין מויל ביי אים געבוירן
אַ וואַרעם וואָרט, איז ווערט עס באַלד
אין באָרד ביי אים פאַרפרוירן . . .

עס וואַרטן די מאַטראָסן: נו־ו־ו־ו!
ביז וואַנען פאָרט? . . . אַן ערך!? —
דער טויט, — אַלצאיינס זיי . . . וואו ער טרעפט,
נאָר, — נ י ט אין ים הקרח!

מען פּרוּווט פֿאַרשטיין זיך אויפֿן וואונק:
אַ רמז׳ל, אַן עצה!
רעדט איינער מיט די אויגן, קוועטשט
דער צווייטער מיט דער פּלייצע.

ווייזט איינער אויף די פֿינגער, קנייטשט
דער צווייטער מיט די ברעמען . . .
דער סוף איז — אַלע רעדן, נאָר
מע ווייסט ניט ווער צו וועמען?

כאַטש נעם און צי זיך אויס און שטאַרב!
— אוי, העלף אונדז, גאָט געטרייער! — — —
פֿאַלט איינעם איין: ד י צ ע פּ ל ע ך א י י ז
צ ע ש מ ע ל צ ן א ו י פֿ ן פֿ י י ע ר!

די ווערטער — כ׳מיין די צעפּלעך אייז —
וועלן אויפֿשטיין תּחית־המתים,
און וויסן וועט מען וואָס און ווען
ער רעדט . . . דער טייוול ווייס אים!

געטראַכט — געטון! . . . אַ שייטל האָלץ,
אַ קויל . . . און ס׳ברענט אַ פֿייער.
אין פֿאַן זיך פֿרעגלען צעפּלעך אייז,
און — — — קולות — אין־לשער!

זלזולים, חרמות, נבול־פּה;
געוואַלדן און געשרייען.
מע הערט, מע קלערט . . . ס׳איז גאָרנישט ווערט:
מע קאָן קיין טאָלק דערגייען!

— אָ, שיק אונדז, גאָט, דעם קלוגן מאַן
מיט שכל און השגה,
וואָס זאָל פֿאַנאַנדערפּלאָנטערן מיר
דעם וויסטן דור־הפּלגה!

אויב ניט, — פֿאַרענדיק איך אָ ט ־ ד אָ!
מיין ליד, און זאָל דער תּרח
כאַטש אייביק בלאָנזשען מיט זיין שיף
אין וויטן ים־הקרח!

# דער שטיין וואָס האָט אַ האַרץ און וויינט

לויט אַ גריכיש־מיטאָלאָגיש מעשהלע

עס איז נישטאָ קיין ווייסע קראָ,
קיין שניי, אויף דעכער, שוואַרץ.
ס׳איז אָבער דאָ, ווי גאָט איז וואָר,
אַ שטיין, וואָס האָט אַ האַרץ.

זאָל גאָט מיין עדות זיין, אַז וואָס
איך זאָג איז וואָר געמיינט:
ס׳איז דאָ אַ שטיין, וואָס האָט אַ האַרץ.
אַ סימן — אַז ער וויינט!

אין שטילסטער שטילקייט פון דער נאַכט,
וועל איך מיט דיר ביינאַנד
אַרויפגיין אויף סיפּיילעס׳ באַרג,
אין אַלטן גריכנלאַנד.

און דו וועסט זען, אַז וואָס איך זאָג
איז קלאָר און וואָר געמיינט.
וועסט זען דעם אויסטערלישן שטיין,
וואָס האָט אַ האַרץ און וויינט.

און דאָס וואָס, איך דערצייל ז׳געשען
יאָר טויזנטער צוריק.
געלעבט האָט דאָן אַ קעניג־ווייב,
געבענטשט מיט אַל־דאָס־גליק.

איר פּאַלאַץ — מאַרמאָר, בראָנז און גאָלד.
איר טורעם — עלפאַנטביין.
האָט זיבן טעכטער און זיבן זין,
ווי זיבן זונען שיין!

נ אַ י אָ ב ע  הייסט די גליקלעכע.
נאָר גליק איז אָפט דער קוואַל,
וואָס טרינקט דעם שכנס גאָרטן אָן
מיט קנאהדיקער גאַל . . .

און  ל ע ט אַ ׳ ס  גאָרטן ליגט ניט ווייט
פון וואו  נ אַ י אָ ב ע ׳ ס  בליט.
און  ל ע ט אַ  זעט  נ אַ י אָ ב ע ׳ ס  גליק,
און זי פאַרגינט איר ניט!

— כסדר נאָר זי גוידערט זיך,
און גרויסט זיך אָן אַ שיעור . . .
מיט אירע זין און טעכטער, און
צערייצט דאָס בלוט אין איר.

דען גאָט וואָס האָט אָן  ל ע ט אַ ן  זיך
ביים סוף פון האַרבסט דערמאָנט,
האָט איבער איר, קמצנותדיק,
פאַרשפּרייט זיין לינקע האַנט . . .

און אין זיין גנאָד געשאָנקען איר
צוויי קינדער בלויז . . . נישט מער!
צוויי קינדער — אויגן צוויי אין קאָפּ —
פאַר יעדן אויג אַ טרער . . .

די שנאה צו  נ אַ י אָ ב ׳ ע ן  ברענט,
ווי טריוואַקס אויפן פלאַם,
אין  ל ע ט אַ ׳ ס  בלוט, און טריפט און טריפט
מיט ביטערניש און סם . . .

און ווי דער  נ ח ש  צינגלט זי
אַריין איר גיפטיק וואָרט
אין בלוט פון אירע קינדער צוויי,
און רייצט זיי אָן צו מאָרד . . .

און אויפגערייצטע שטייען זיי אויף,
מיט פייער, פויסט און שווערד.
און שניידן אָפּ נאַיאָבע׳ס זין
און טעכטער פון דער ערד . . .

פון צווישן וואָלקנס פלאַם און רויך,
געזען האָט גאָט דער האַר —
צום צווייטן מאָל דאָס בייז פון שכם —
נאַיאָבע׳ס גרויסן צער.

און אַז צום הימל האָט דערגרייכט
נאַיאָבע׳ס גרויס געוויין,
האָט ער דערבאַרעמט זיך אויף איר,
און פאַרוואַנדלט זי אין שטיין.

* * *

עס איז נישטאָ קיין ווייסע קראָ,
קיין שניי, אויף דעכער, שוואַרץ,
גאָט קאָן פאַרוואַנדלען בלוט אין שטיין,
נאָר ניט אַ מאַמעס האַרץ.

# הגר

אין מדבר,ביים ברונען, זיצט הגר
און באַוויינט אירע איינזאַמע יאָרן.
צעבליט ליגט אַרום  איר די מדבר,
נאָר . . . הגר — אַ שטיין איז געוואָרן.

די זון האָט פאַרבראָנזיקט איר פּנים,
פאַרקופּערט די אָרעמס, דעם נאַקן.
עס הענגען פאַרגליווערט אין פּערל
די טרערן ביי איר אויף די באַקן . . .

אין שויס ביי איר דרעמלט ישמעאל,
איר ייִנגל — אַ זקן אַ בלינדער —
און חלומט פון ווייסע געצעלטן;
פון הירשן, פון שאָף און פון רינדער;

פון בליציקע פיילן, וואָס שיסן
אַרויף צו די וואָלקנס, און ווערן
פאַרוואַנדלט, אין רוים פון דעם הימל,
אין בלויע קרישטאָלענע שטערן.

ער חלומט, און ציילט אין זיין חלום
די ווייסע קרישטאָלענע שטערן;
די וואַרעמע וואָלענע וואָלקנס,
און הגר׳ס געזאַלצענע טרערן . . .

# תרח וויינט אויף זיינע טויטע געטער

אַ ווייסער קאָפּ געבויגן צו דער ערד.
צוויי אומעטיקע אויגן, מידע.
אַרום אים — הויפנס דרויב און שטויב:
סימנים נאָך פינצטערער מרידה.

ביי זיינע פיס — צעשמעטערט רוק־און־לענד.
אינמיטן ברוך־וואַרג — מינעט זיך אַ שאַרבן
פון רויטן ליים, אין לעצטן אָוונט־ליכט,
און טליעט אויס אין כל־המינים פאַרבן . . .

פון הינטער זיינע ברעמען קוקט אַרויס
אַן איינגעהאַלטענער געוויין, אַ שטומער:
— אָ, גאָט מיין האַר! מיין אייגן פלייש און בלוט
האָט אויסגעשפּרייט דעם חורבן דאָ אַרום מיר.

אַליין מיט מיינע הענט האָב איך דאָס ליים,
דאָס רויע, טאָג און נאַכט געקנאָטן.
און אויפגעגאַנגען איז אין מיר אַ פרייד
מיט יעדן ווערק, וואָס מיר איז וואויל געראָטן.

דען אין מיין מי האָב איך דיין האַנט געזען,
און אין מיין האַנטווערק — דיין הסכמה.
אין יעדן אויג, וואָס איך האָב אויסגעדרילט,
האָב איך געזען — בטחון, רחמים און נחמה . . .

צי האָב איך דען געמיינט, אָ, גאָט מיין האַר!
פון פאַר דיין אָנגעזיכט אַנטרינען,
צו דינען פרעמדע געטער, אַז איך האָב
קוים כוח דיר איינעם ערלעך דינען?

פון ליים אַרויסגעכישופט האָט מיין האַנט,
פאַר ברואים בלינדע, פונקען גלויבן.
זיי קענען סיי ווי סיי, מיין האַר, צו דיר
פון שטויב זיך העכער ניט דערהייבן . . .

אינאײנעם מיט דעם װײסן מאָרגנליכט,
די שטערן און דעם אָװנט־שאָטן,
האָב איך דײַן שם־המפֿורש, אין דעם לײם,
אַלײן מיט מײַנע הענט צונױפֿגעקנאָטן . . .

כּדי, אַז דער, װאָס בלאָנזשעט אין דער נאַכט,
און קאָן ניט לײענען די שטערן ,
זאָל זען מיט זײַנע טריט די ערד, װאָס האָט
געבױרן אים . . . כּדי אים צו פֿאַרצערן . . .

אָ, גאָט מײַן האַר ! מײַן אײגן פֿלײש און בלוט
איז אױפֿגעשטאַנען קעגן מיר — אַ מורד !
צעבראָכן די חלומות פֿון מײַן האַרץ,
און מיך געלאָזן אױף דער ערד אַ יורד . . .

אל חנון ! שטראָף אים ניט דערפֿאַר, װאָס ער
האָט קעגן דיר די מצוה־זינד באַגאַנגען.
געדענק . . . דײַן האַנט האָט איבער נח׳ס קאָפּ
דעם רעגנבױגן אױפֿגעהאַנגען.

אַ צײכן, אַז דו האָסט מיט אים אַ בונד,
און דו װעסט מער דעם מבול ניט באַנײען
אױף אײביק און אַ טאָג, פֿאַרשניטן.
און האָסט דײַן נדר ניט געביטן . . .

פֿאַרשנײַד אױך, גאָט, מיט מיר אַ בונד : כּל זמן
דײַן זון װעט אין די װאָלקנס ברענען,
זאָל אױפֿגײן פֿון מײַן געטער־שטױב דאָס ליכט
פֿאַר די װאָס  ק א ָ נ ע ן  דיך נישט קענען !

דער װאָרעם, װעמען ס׳איז באַשערט אין שטױב
פֿון הפֿקר־טראָט צעטראָטן װערן,
איז  ד ײ ַ ן  אחריות, װי עס איז — דער אַף
דער מענטש, דער אָדלער און דער שטערן . . .

דײַן אױג זאָל זײַן אױף אַלץ װאָס בליט און לעבט —
פֿון אָדלער ביז דער פֿליג דער מינדסטער —
זאָל יעדער װידמונג אױף דער ערד דיך זען
אין ליכט, װאָס זריעהט אין דער פֿינצטער . . .

# די קרוינונג

אָסיען. דעמער — זשאַר און גאָלד.
וואָלקנס. שאָטנס. ווינט און וואַלד.

הימל — קופּער, שטאָל און בליי.
אַלטע, מידע בעטלער דריי.

בעטלערס — שמאַטעס, לאַטעס בערד.
האָרבעס, טאָרבעס, הרודעס ערד.

שטיל . . . אַ סומנער פייער ברענט.
ס׳וואַרעמען בעטלער זיך די הענט.

קיינער רירט זיך ניט פון אָרט.
קיינער רעדט ניט אויס קיין וואָרט,

אַט, ווי ס׳וואָלט זיי גאָט אַליין
אויסגעהאַקט פון קיזלשטיין.

ניט נאָר זיי אַליין, נאָר אויך
ס׳פייער זייערס און דעם רויך.

שטיל . . . אַזוי אַז יעדער הערט
וואָס דער שכן זיינער קלערט.

און דער שכן זיינער טראַכט:
— א ו י , ו ו ע ט ש נ י י ע ן ה י י נ ט ב י י נ אַ כ ט !

שניי איז ווייס און נאַכט איז שוואַרץ,
און אַזוי איז מיר מיין האַרץ . . .

און די שטומקייט וויינט און רעדט,
און דער עלנד — טענהט, בעט:

— יעדן איינעם, גאָט מיין האַר!
טיילסטו צו זיין חלק שכר,

מיר — אַ טאָרבע אויפן קאַרק,
און דאָס הפקר־ברויט פון מאַרק.

האָט פאַרנומען גאָט דער האַר,
אין דער שטילקייט זייער צער,

און האָט איבער זיי פאַרשפרייט
זיינע פליגלען, און — עס שנייט!

* * *

דריי פאַרשנייטע בעטלער־לייט,
איינגעהילט אין ווייסן זייד;

דימענט קרוינען אויף די קעפ, —
היטן ס׳פייערל אין סטעפ . . .

# איר לעצטע ים-נסיעה

עס וויגט זיך אַ פלאַש אויף די כוואַליעס פון ים .
די פלאַש ברענגט אַ שלעכטע ידיעה :
— עס ראַנגלט אַ שיף זיך אויף לעבן און טויט,
אין שטורעם : איר לעצטע נסיעה !

פון הונדערטער שיפן, וואָס שווימען אין ים ,
בלויז איינע וועט האָבן די זכיה
צו קומען צו הילף דער פאַראומגליקטער שיף,
דער שיף אין איר לעצטער נסיעה.

אַ אינזל. אַ ברעג. אויסן נעפל אַרויס
אַ זעגל טוט בלייך אַ שאַריע :
ד ר י י פ י ש ע ר ! — באַשערט זיי צו קומען צו הילף
דער שיף אין איר אומגליק־נסיעה.

גאָטס ליכטיקער אָרעם, וואָס זעט און וואָס איז
אויף אַלץ און אויף אַלעם משפיע,
געבראַכט האָט די בשורה צום זעגל : — אַ ש י ף
ג י י ט א ו נ ט ע ר . . . א י ר ל ע צ ט ע נ ס י ע ה !

אַ האָריקע האַנט ציט אַרויס פון דער פלאַש
אַ מאָדנעם כתב־יד, אַ . . . יריעה . . .
חרטומי'שע אותיות — אַ סוד, ווי דער ים,
דער שטורעם, די שיף, די נסיעה . . .

דער ים מיט די שטערן — זיך שפּילן אין טראַף.
דער פאַנד — אין גאָטס האַנט די מניעה . . .
דער ים האָט געוואונען ! די שטערן — פאַרשפּילט !
באַשערט דער שיף כרת־נסיעה.

פון האַנט צו האַנט גייט דער געהיימער כתב־יד .
אַ זקן — דער לעצטער מגיה —
ער לייענט פאַר'דבקעט, ווי ער וואָלט באַוויינט
די שיף . . . ס'איז א י ר ל ע צ ט ע נ ס י ע ה !

עס ציטערט ביים זקן די שוים־ווייסע באָרד.
אַ טרער הענגט אים היִנטער דער וויִע.
ער זעט אין דער טרער דעם צעשטורעמטן ים;
די שיף אין איר לעצטער נסיעה.

דער מאַסט זינקט אין ים, דער לאַמטערן — נאָך אים.
דער זעגל אין שטורעם רייסט קריעה.
גאָטס האַנט לאָזט אַרונטער דעם אַנקער אין ים —
געענדיקט, די לעצטע נסיעה!...

# אַ קול אין דער מדבר

אַמאָל האָט אַ נזיר, אין זאַמד פון דער מדבר,
פאַר יאָרן, געגראָבן אַ ברונעם.
און גאָט האָט געבענטשט אים, און ער האָט אין דער מדבר
אַ שפרודלדיק וואַסער געפונען.

פון אונטער די דאָרשטיקע זאַמדן האָט פלוצים
אַ גרינער אָאַזיס אַנטפּלעקט זיך.
אפילו דער נאַקעטער שטיין, וואָס ביים ברונעם,
מיט מאָך־גרינעם גראָז האָט באַדעקט זיך.

עס ציִען זיך סטאַדעס מיט שאָף און מיט רינדער,
און וואַנדערער, מידע פון וואָגלען,
דער עמער, — ער פילט אָן די קאָרעטעס פולע,
די וואָגלער — די דאָרשטיקע לאָגלען . . .

אַ יאָר נאָך אַ יאָר, און דער נזיר בעמט פרעגן:
— וואָס איז מיט די סטאַדעס געוואָרן?
וואו זיינען די וואָגלער? . . . זיי וויכן זיין ברונעם,
ווי ער וואָלט געוועזן אַ דאָרן!

ער לאָזט זיינע אויגן אין ברונעם אַרונטער,
ער זעט ניט דעם שפּיגל פון הימל!
דער דנאָ איז פאַרוואַקסן מיט בלייאיקע גראָזן,
דאָס וואַסער איז גאַל־גרינער שימל . . .

— רבונו של עולם! וואו איז דיין השגחה?
וואָס ווילסטו פון קנעכט דיינעם האָבן?
די הענט זיינע זיינען צו אַלט און זיי קאָנען
קיין ברונעם, קיין נייעם, ניט גראָבן!

צי ווילסטו, אַז ער זאָל אין זאַמד פון דיין מדבר
פון דאָרשט, אַ פאַראיינזאַמטער, שטאַרבן?
זיין ברונעם זאָל בלייבן אַ פינצטערער קבר,
אַ ווייסע מצבה — זיין שאַרבן?

און גאָט האָט דערהערט אין דער מדבר דאָס קול זיינס,
און איז אים געקומען אַנטקעגן . . .
און פול איז געוואָרן דער הימל מיט כמאַרע,
די כמאַרע פול מיט בוכטעס פון רעגן.

עס ר ע ג נ ט! . . . די מדבר, זי קוקט צו דעם הימל
אַרויף־צו מיט טויזנטער זונען.
עס ציען זיך סטאַדעס מיט שאָף און מיט רינדער,
און פול ווי אַן אויג איז דער ברונען . . .

## וועגן קעץ און מענטשן

. . . דו הערסט, מיין ווייב?
מיר האָבן, דאַכט זיך מיר, באַגאַן אַן עוולה און באַנאַרישט זיך.
איך מיין צו זאָגן, אַז בעת מיר האָבן זיך אַרויסגעצויגן, לעצטע וואָך,
פון אונדזער אַלטער דירה און פאַרנומען אונדזער האָב און גוטס:
דעם טיש, די בעט, דאָס בעטגעוואַנט, די כלים פון דער קיך;
דאָס עס־געשיר, דאָס אַלמערל מיט ספרים און דעם אַלטן מאַטראַץ,
איז אונדז אַרויס פון זינען מיטצונעמען אונדזער קאַץ.
די ליכטיק ווייסע קאַץ.

פאַרגעסן און געלאָזן זי אויף גאָטס באַראָט אַליין.
און מחמת דיין פרעציזער בריהשקייט איז אין דעם הויז
צומאָל, פאַר אַ רפואה, ניט געבליבן איר אַ ליאַדע מויז;
אַן אויסגעשמאָטשקעט ביינדל פון אַן עוף, אַ שטיקל פיסנע ברויט.
כ׳האָב מורא פונעם מויל אַרויסצוברענגען ס׳וואָרט . . .
ווער ווייסט צי איז זי, מחמת הונגער, חס־ושלום, שוין ניט טויט.

געלאָזן אין אַ פוסטער, קאַלטער שטוב אַליין!
איך שלאָף ניט דורך די נעכט. מיר דאַכט זיך רק,
אַז כ׳הער ווי ס׳אָרעמע באַשעפעניש׳ל שלעפּט אַרום
אין אַלע פוסטע ווינקעלעך, פאַרטיסנעט אין די ציין,
ווי ס׳וואָלט געווען אַ מויז — איר הונגעריק געוויין.

און מחמת דעם, וואָס נעכט בטבע זיינען שוואַרץ,
שיילט טאָפּלט שאַרף און בולט זיך אַרויס
איר ווייסקייט פון דער פינצטערניש.
און מחמת שוואַרצקייט איז בבחינת שטילקייט, רו . . .
קלינגט טאָפּלט שאַרף איר הונגעריק געוויין
פון אויס דער נאַכט. עס רייסט מיר ממש אויס דאָס האַרץ.

כ׳האָב לעצטע נאַכט, אין שלאָף, געזען אַ העלישן קאָשמאַר:
די דירה, וואָס מיר האָבן ערשט געלאָזן פוסט,
האָט פּלוצים אָנגעצונדן זיך און ב ר ע נ ט!
און זי, די קאַץ, אַ פייערדיקער קנויל,
זיך דראַפּעט, אין בהלה, אויף די קופּער־רויטע ווענט.

איך יאָג זיך נאָך נאָך איר, די אָרעמס אויסגעשטרעקט
און וויל זי ראַטעווען פון דער שרפה . . . צעפלאַמען זיך ביי מיר,
ווי פאַקלען מיינע ביידע הענט.
איך הייב אָן שרייען — גוואַלד און גוואַלד! גוואַלד!! —
אַ דאַנק דיר, וואָס דו האָסט פון שלאָף מיך אויפגעוועקט.

אין תוך איז דאָך די קאַץ די שלימותדיקסטע בריאה אויף דער ערד,
און אין איר שלימות — אויסטערליש, גראַציעז און שיין!
איר ווייסע פעל איז ווייס ווי פרישער שניי אין שבט,
און ווייך ווי פוך פון פעדערן, און וואַרעם, גלאַט,
ווי מעל געבייטלטס, אָקאָרשט וואָס פון אונטערן מילנערס שטיין...

אומיסטן קוק זיך איין:
די אייגלעך אירע — אין דער פינצטער — פאָספאָר־גרין.
פון יעדן אָפּל גליט ביי איר אַרויס אַ זשעדנע בין . . .
די ציינדלעך אירע — פערל, און דאָס צינגל קאַרמעזין.
די נעגל, היינטער אירע פוכקע לאַפּקעלעך — בורשטין.
די אויפגעשפּיצטע אויערלעך, די קליינטשינקע— פּלאַטין.
דאָס עקל אירס — אַ גאָרטן־שלענגעלע — עלאַסטיש, דין.
און חוץ לזה,
פאַרמאָגט זי א י י נ א ל י י ן איר אייגנס — גאַנצע לעבנס ניין,
און איך, דער מענטש — אָן איינציק לעבן וואָס געווערט אַן הרף־עין...

בלי שום ספק איז די קאַץ די שלימותדיקסטע בריאה אויף דער ערד.
איר אומגעצוימטער ווילן, איר עקשנות און איר עזותקייט!
איר ספּילטשיווער קאַפּריז; די פייערדיקע אומרו אין איר בלוט!
איר שפּירעוודיקער חוש . . . איז שאַרפער פון דער שאַרפסטער שווערד.

און ווערט איר איבערדריסיק־שווער דאָס לאַשטשען פון דיין האַנט,
און תפיסה־ענג די נודנע וואַרעמקייט ביי דיר אין שויס,
איז . . . הויקערט זי דעם רוקן אויף און טוט אַ פששש . . . אַ שפּיי
און דראַפּעט דיר די אויגן אויס.

אָט נעם, פאַר אַ פאַרגלייך צו איר דיין קודלעוואַטן הונט,
דעם חונף מיט דער פייכטער נאָז — דאָס דריטע יאָר ביי דיר —
ער לאָזט דיך ניט פאַרגעסן אָן דיין חוב — זיין אונטערטעניקייט.
האָט דריי מעת־לעת כסדר דיך געזוכט, דיר נאָכגעשפּירט די טריט!

האָט אויסגעניוכעט יעדן שטיינדעלע אין גאַס — פון ראָג צו ראָג;
געגערט זיך מיטן אָפּפאַל פון די טעפלעך מיסט, און אויפן דריטן טאָג
דיך אויפגעזוכט און זיך דערניוכעט צו דיין טיר:
— בררררוך הבאאאא!
כ׳בין דאָ!

און זי, די קאַץ? — אַרויסגעקליבן זיך . . . איז וואָס?!
אַ דאגה איר! וועט וואַרטן אויפן פרעמדן, נייעם באַלעבאָס!

איצט, זאָג אַליין, איז פאַראַנען נאָך אַזא אומשייכותדיק באַשעפעניש,
ווי אונדזער ווייסע קאַץ, אויף גאָטס געבענטשטער ערד?
אַזא מין אומגעצוימטע טראַציקייט צום סדר־עולם, גאָט און מענטש? — — — —

איצט הער צו וואָס איך האָב זיך ערשט דערטראַכט:
ווען איך, דיין מאַן — דער בטלן, בעל־חלומות, לץ —
וואָלט זוכה זיין צו ווערן כאָטש אויף איין מעת־לעת אַ גאָט,
וואָלט איך גענומען און וואָלט אויסגעמישט די מענטשן מיט די קעץ,
פאַרזיווגט זיי . . . דער פועל־יוצא וואָלט געווען:
ס׳וואָלט איינער ירשענען פון צווייטן מידות . . . און די וועלט
וואָלט אויפגעריכט געוואָרן . . . מחמת איינער וואָלט געגאַשט פון צווייטן
דאָס וואָס אים האָט זינט „בראשית ברא אלהים” — געפעלט.

נאַר, טראַכטנדיק דאָס אייגענע צוריק, מיין שאַץ!
מיט וואָס האָט זיך ביי מיר אַזוי פאַרזינדיקט אונדזער קאַץ?
פאַרוואָס זאָל איך, דער איין־מעת־לעת׳עדיקער גאָט,
באַשטראָפן זי מיט מענטשלעכע התחייבותן?
וואָס האָבן פון דער וועלט געמאַכט אַ תפיסה און פון מענטש —
אין גאָטס געשטאַלט — אַ גנבע און אַ קנעכט?
אַ דור־הפלגה׳ניק, וואָס ווייסט קיין חילוק צווישן גוט און שלעכט?
— איז קינ׳ס פויסט, פאַר גאָט, אין אַ ל ע פרטים חייב?
— איז הבל׳ס בלוט, וואָס ליאַרעמט פון דער ערד אַרויס,
אין י ע ד ן פרט גערעכט?

און חוץ לזה! פאַרוואָס זאָל, צו דעם שאָדן פון דער קאַץ,
דער מענטש, דער חכם־עתיק, חקרן, פילאָסאָף, פּאַיאַץ,
געגעזן ווערן, און די שלימותדיקסטע בריאה אויף דער ערד,
די קאַץ, דאָס שלימות אירס פאַרשפּילן ווי אַ שלעכטע קאָרט?
וואָס האָב איך צו דער קאַץ?
וואָס האָב איך צו דער קאַץ?!

# חשונדיקער אינדערפרי

דער חשונדיקער אינדערפרי
איז אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט;
אַן אַנגעברוגזטער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז.
די וועלט געפעלט אים ניט. די ערד —
אַ פליכעוואַטער קאָפּ מיט אויסגעקראָכן גראָז.
דער וואַלד — אַ עדה זקנים נאַקעטע
מיט שיטערע פאַרוויינטע בערד.
די בערג — האַרבאַטע בעטלער ברודיקע,
מיט טוכלע טאָרבעס אויפן קאַרק:
צעפּאָרן זיך דער רוישיקער יאַריד,
און ליידיק פוסטעוועט דער מאַרק . . .

מיין ווייב!
צינד אָן דאָס אייוועלע . . .
דערמינטער אונדזערע פאַרחלשטע פיר ווענט.
ס׳ווערט היימלעכער אויף דער נשמה, אַז דו ווייסט —
אַ שייטל האָלץ צי צוויי אין אויוון ברענט.
אין פייערל פאַראַנען איז אַ . . . רמז אויף אַ טרייסט.

אומיסטן טו אַ קוק אַרויס פון פענצטערל.
דו זעסט:
אויסן קוימען, אויפן שכנס דאַך, זיך הייבט אַרויס
אַ גרינלעך־בלויער פעפערבוים,
און אין די צווייגן באַמבלט זיך אַ נעסט,
אַרום דער נעסט אַ שוואַלב, אַ זילבער־בלויע, קרייזלט זיך,
אַרויף, אַראָפּ, אַראָפּ — אַרויף און
פּעדערט זיך פאַנאַנדער אין דעם כמורנעם רוים,
ווערט נעלם אין טומאַן.
דאָס אַלץ, מיין ווייב, איז גאָרניט אַזוי פשוט ווי דו מיינסט.
עס איז אין דעם אַזאַ מין רמז־רעטעניש פאַראַן,
און עפעס . . . נאָך אַ זאַך:
משמעות צווישן הימל אינדערהויך

און אונדזער הויקערדיקן דאַך
איז פּאָרט אַ קרובֿהשאַפֿט פֿאַראַן,
אַ סוד, וואָס איך, דיין קלוגער מאַן,
באַנעם דאָס ניט אַליין,
און דו — ווערסט סיי־ווי־סיי דאָס ניט פֿאַרשטיין.
ס'איז פּשוט, בולט, קלאָר
אַ שטייגער ווי — דער שניי אין שבֿט איז ווייס,
און ווי די קראָ, אין שניי, איז שוואַרץ.
ס'אַ משל, מאַלטיך, מיט אַ טאָרבע פּלעקער, טייערע.
פֿונדעסטוועגן . . . מען רעדט זיך דורך אַ קאַפּ,
ווערט גרינגער אויפֿן האַרצן . . .

## רייד פון אַ הייליקן מטורף

. . . אַ הימל פול מיט שטערן.
אַ ערד — מיט גרויע מענטשן.
געבראַכט אַ האַרץ מיט ליבשאַפט,
און . . . האָב ניט וואָס צו בענטשן.

דער נזיר, אין דער מדבר,
פאַרפייניקט זיין נשמה.
דער רשע — לעבט אין רחבות,
און איך — האָב פ י י נ ט נקמה!

כ׳בין דער גלגול פון דעם נביא,
וואָס איז פאַר גאָט אַנטרונען:
קיין נינוה ניט געגאַנגען,
קיין תרשיש ניט דערשוואומען . . .

דער ים האָט בייז געשטורעמט;
מיין האַרץ — ווי שטיין געשוויגן.
ס׳האָט דער ים מיך איינגעשלונגען,
און האָט מיך אויסגעשפיגן.

דעם ריצנבוים, דעם שאָטן,
הינטער וועלכן כ׳בין געזעסן
פאַרחלשט, האָט אַ וואָרעם
פאַרצערט און אויפגעפרעסן!

די זון, מיט פייער־ריטער,
דאָס לייב מיינס האָט געדראָשן! — — —
דאָס פנים פון מטורף
פלאַמט אויף און ווערט פאַרלאָשן.

פאַרלאָשן, און . . . צעפלאַמט זיך,
מיט פיינלעכן שגעון.
די ליפּן — שניי, די אויגן —
צוויי שוואַרצע מדבר־קראָען.

איך נעם אים איין. איך טרייסט אים:
— ס'איז וואָר! וועסט נישט געפינען
דאָס האַרץ, וואָס זאָל דיין ברכה
אין פולער מאָס פאַרדינען . . .

איז, ווען דו באַגעגנסט,
אים בענטש!... בענטש יעדן איינעם!
מיר אַלע זיינען — נינוה;
משפחה, קרובים, שכנים . . .

דעם נזיר, וואָס אין מדבר,
אים לאָז אין גאָט'ס השגחה!
דעם רשע, — ער'ז פאַרשאָלטן
פון גאָט — אים שענק דיין ברכה.

דען ס'האַרץ זיינס איז אַ מדבר,
זיין זעל — אַ נאַכט אָן שטערן.
דיין טרער, דיין טרערס אַ שימער
וועט זיין ביי אים אַ קרן . . .

איז . . . וואו נאָר דו באַגעגנסט
אין וועג אַ בלודנעם מענטשן —
פון תרשיש צי פון נינוה —
אים זאָלסטו בענטשן, בענטשן!

* * *

דער הייליקער מטורף
שטרעקט אויס די הענט די דאַרע
צום בלויען מאָרגנשטערן,
וואָס בלינצלט אויס דער כמאַרע,

און קושט דעם נרדפ'ס אויגן;
זיין קאָפּ, די הענט, די נעגל:
— אַ שיף גייט אויף אין מזרח!
און גאָלד־רויט איז איר זעגל!

# אין די טעג פון שלושים

איך שרייב דיר פון דעם ווייטסטן לאַנד, ביים ראַנד פון שקיעה.
אוי, שווער ווי קריעת־ים־סוף, איז געווען מיר די נסיעה . . .
מדבריות דורכגעבראָדזשעט, מדינות אויסגעוואָגלט.
פאַר ווען ס׳האָט געדעגנט, פאַר מיר — געשנייט, געהאָגלט.
ביי ווען ס׳האָבן קלעזמער געשפּילט, ביי מיר אין האַרצן
געזעסן איז דער טרויער געקליידט אין גאָלע שוואַרצן . . .
אין קרעטשמעס, אין אכסניות, אין חורבות — הורבעס שטיינער,
האָב איך — אַ בלודנער בעטלער — געשלעפּט מיין טאָרבע ביינער.
נאָר צווישן מיינע ביינער, האָב איך מיין טריבן חלום
צום ווייטסטן לאַנד געטראָגן . . . דאָס לאַנד פון רו און שלום . . .

די וועלט וועט דיך פאַרגעסן, און דו וועסט נישט געדענקען,
לגבי דיר, איר רשעות, און איר דיין רחמים שענקען — . . .
אַזוי האָט גאָט געטרייסט מיך. נאָר ער, דער האַר, משמעות,
האָט טרייסטנדיק זיין קרבן, געמאַכט אַ בלינדן טעות:
פאַרלעשנדיק דאָס לעצטע ליכט פון מיינע יאָרן,
פאַרגעסן צו פאַרזיגלען מיט שכחה מיין זכרון . . .
אַ פונק געלאָזן טליען: — פאַרגעס נישט צו געדענקען! . . .
דער פונק האָט זיך צעפלעמלט — אַ ליכט פון פיינלעך בענקען . . .
איז . . . שיק איך דיר מיין בענקשאַפט, אַז דו זאָלסט זיך דערמאָנען,
אַז ערגיץ שוועבט אַ נאָמען — צווישן „ד אָ" און „נ י ט ־ פ אַ ר אַ נ ע ן"...

# דער בעל־תשובה

נאָך האַלבער נאַכט האָט ער אַראָפּגענידערט אין דעם טאָל.
פאַרלוירן האָט ער דאָרט זיין ווייס־געקרויזטע סטאַדע שאָף;
זיין שומר־הונט, זיין האָרן און דעם האָרנס ווידער־קול.

— לייג צו דעם האָרנס שאָטן צו דיין ליפּ און בלאָז און ב ל אָ ז!
זאָגט אונטער אים דאָס בת־קול, וואָס אין ווינט, און ער געהאָרכט. — — —
גערוישלאָז כוואַליעט זיך דעם האָרנס שאָלן אויפן גרינעם גראָז.

— לייג צו דיין אויער צו דער ערד און האָרך, און ה אָ ר ך! — — —
עס קנוילט זיך אויפן גראָז דער נעפּל — ווייסע פליטער וואָל,
נאָר הערן הערט ער ניט דעם מינדסטן, דינסטן ווידער־שאָרך.

דער וואַסערפאַל, ער שפּרינגט פון פעלדז צו פעלדז אַראָפּ אין טאָל —
אַ סטאַדע שעפּסן ציט צום קוואַל, וואָס ריזלט דורכן גראָז.
די לבנה וואַשט די שעפּסן, און דער נאַכט־ווינט קעמט דאָס וואָל . . .

דער הימל בלוי ווי תכלת און די שטערן גרין, ווי עמעראַלד,
זיך שפּיגלען אָפּ אין וואַסערשטראָם . . . די שעפּסן־סטאַדע טרינקט,
און ס'שימערט דורך די ריפּן פון די שעפּסן — פאָספאָר, שטערן, גאָלד . . .

מיט וואָס, אל חנון, האָב איך זיך פאַרזינדיקט? העלף, אָה, העלף!
— דו ביסט אַנטלאָפן, ווי אַ פּחדן, און געלאָזט דיין סטאַדע שאָף
פאַרצוקט צו ווערן פון אַ ווילדער סטייע הונגעריקע וועלף.

— אָ, גאָט מיין האַר! זיי מילד צום זינדער אין דיין שטראָף!
בין איך דען שולדיק, אַז דו האָסט געגעבן מיר פּחדנותדיקע פיס,
וואָס זיינען אין מיין אַנגסט, מיט מיר אַנטלאָפן פון מיין סטאַדע שאָף?

דאָס בת־קול ענטפערט נישט . . . ער הייבט צום הימל אויף די הענט.
אַ שטערן רייסט זיך אָפּ פון הימל און צעקלינגט זיך אינעם טאָל:
— דעם גזר האָט גאָט פאַרחתמעט און דיין טענה — אָפּגעווענדט . . .

און ער האָט אַרויפגעקלעטערט צום העכסטן פעלדז, וואָס היט דעם טאָל,
און ווי אַ דונער־שלאַג אַראָפּגעקאָלערט זיך . . . ער פאַלט און הערט,
ווי ס'וויינט פון אויס דער ערד אַפיר דעם האָרנס ווידער־קול . . .

# נאַרן־וועלט

. . . איינער נאַרט דעם צווייטן, און דער דריטער זיך.
נאַר דער נאַר פון אַלע נאַרן — דאָס בין איך!

מחמת . . . פאַר רחמנות נאַר איך זיי: — ווער ווייסט?
אפשר איז דער שקר זייער לעצטע טרייסט?

גאָט האָט זיי פאַרזען, ס׳מזל — אויסגעפּעלט, —
טראַכט זיך יעדער איינער אויס — אַ נאַרן־וועלט:

מאַרמאָרנע פּאַלאַצן, אוצרות אונטער ד׳רערד;
שיינע פרויען, גיטער, קעניגלעכע פערד — — —

גאָט פון גנאָד און רחמים! שטראָף מיך ניט דערפאַר,
וואָס איך בין דער מליץ־יושר פאַרן נאַר:

מחמת, זיי צו טרייסטן האָב איך זיך פאַרשטעלט
פאַר דעם לץ פון זייער אויסגעטראַכטער וועלט . . .

כ׳לערן שטאַמלער רעדן שלימותדיק, — נאָר ווי!
כ׳הייב אַליין אָן שטאַמלען, בלעקערצן, ווי זיי . . .

שפּיל זיך מיטן שטן, און . . . ס׳וועט דיך דער לץ
פאַנגען ווי דער פישער ס׳פישל אין זיין נעץ . . .

# „אָפּגעשריען"

. . . דערפילט אַ פינגער־שנאָל אין שיכחה־צייכן אויפן ליפ . . .
— פּ אַ ר ג ע ס! . . . ער טוט אַ צאַפּל זיך און לאָזט אַרויס אַ זיפץ.
דער הימל איבער אים — דורכזיכטיק, שיטער ווי אַ זיפּ.

די שטערן — קלייען־פליטערלעך, אין חשוונדיקן ווינט.
די אָסיען־נאַכט, אין פענצטער, ווי אַ הונגעריקע שפּין,
די לעצטע גרויע שאָטן־פעדעם אירע שפּינט און שפּינט.

אַ טויב געמורמל פלאַטערט איבער אים, ווי אַ בלודנער פלאַם
פון אַ לאַמטערן אויף אַ מאַסט, וואָס האָט אינמיטן וועג,
פאַרלוירן הינטער זיך, אין זאַלציקן טומאַן — דעם ים.

דעם זעגל׳ס ווייסקייט פלאַטערט איבער אים ווי חשוונדיקער שניי:
דעקט צו דעם קאַקטוס אין דער מדבר און די יאדלע אויפן פעלד.
נאָר דאָס, וואָס ער וועט שוין באַלד דעם בלענד ניט זען — פאַרדריסט, טוט וויי!

און ער׳ט מיט די לעצטע כוחות פונעם שטערן אָפּגעווישט
דעם קאַלטן שווייס און זיך צום פענצטער אומגעדרייט,
און מיט די שאָטן־פלעדערמייז פון וואַנט זיך אויסגעמישט . . .

דאָך הערט ער נאָך, פון קנויל אַרויס, אַ לעצט געוויין . . .
אַזאַ מין טערפּקע־זיסער טעם, אַ מאַנדל־ביטערלעך געזאַנג . . .
— א ו י ף ו ו ע מ ע ן ל אָ ז ט ו מ י ך ד אָ א י ב ע ר
א י ן ד ע ר ו ו ע ל ט א ל י י ן!

ער פילט נאָך . . . ער דערקענט . . . און זאַמלט אויף אין זיך
די לעצטע טראָפּן פון הנאה, טרייסט, און שטאַמלט קוים אַרויס:
— ו ו אָ ס ל אָ ז ט ו נ י ט אַ נ ש ל אָ פ ן ו ו ע ר ן,
א ו ן ו ו אָ ס ו ו ע ק ס ט ו מ י ך!

די ווייסלען פון די אויגן בלינצלען אויף: — וואָס איז געשען?!
אל תבון! לאָז מיך זען נאָך איינמאָל ווי די זון גייט אויף! —
די זון איז אויפגעגאַנגען, אָבער ער — האָט זי שוין ניט געזען . . .

# ווידערשטאַנד

נאָך שווערער דריקט אויף מיר, אָ, גאָט!
דיין לעצט־געבענטשטע שעה,
ווי אויפן אָקס, סוף אַקער־טאָג,
די מידקייט — זיין יארמא.

מיט קיינעם נישט געראַנגלט זיך,
ווי נאָר מיט זיך אַליין.
געווען ביינאַכט מיין אייגן ליכט,
אין וועג — מיין שטרויכל־שטיין . . .

איך האָב ניט קיין תרעומות, גאָט,
צום גורל און צו דיר.
וואָס שווערער ס׳ליגט אויף מיר דיין האַנט,
אַלץ נענטער ווערט זי מיר.

וואָס נידעריקער צו דער ערד
עס נידערט מיך דיין האַנט,
אַלץ אָנגעשפּאַנטער ווערט ביי מיר
אין האַרץ מיין ווידערשטאַנד . . .

זאָל זיין דיין האַנט דער שטיין אין פעלד,
ביינאַכט דאָס קישן מיר;
דער חלום־לייטער, וועלכער פירט
צום הימל און צו דיר!

## ווען נישט דאָס בלאָנזשען

די שאָטנס און דער רויך אין שענק —
אַ וואָלקן אַ גערויכטער.
האָט דריי מעת־לעת פאַרשיכורט, ביז
ער איז געוואָרן — ניכטער . . .

איצט בלאָנזשעט ער אין ווילדן וואַלד —
אַ בלינדע נאַכט, אָן שטערן.
נאָר, פּלוצים! ער אַליין פלאַמט אויף —
אַ ליכטיקער לאַמטערן.

ער ווערט דורכזיכטיק־אויפגעשטראַלט;
דער וואַלד — אַ פייער־דאָרן!
ווען נישט דאָס פינצטערניש, וואָס וואָלט
פון ליד און ליכט געוואָרן?!

די וועלט איז מיד און בענקט נאָך רו.
די נאַכט — נאָך ליכט און שטערן;
דאָס האַרץ פון ים איז זאַט מיט זאַלץ,
דאָס אויג פון מענטש — מיט טרערן.

ווען ניט דאָס בלאָנזשען זיינס אין וואַלד —
דורך אומעט, שרעק און שאָטן, —
איז . . .ווער וואָלט פאַר דעם וואָגלער, דאָ,
אַ סטעזשקע אויסגעטראָטן?!

טאָ, נעם, גיס אָן פונסניי דיין גלאָז
מיט בראנפן, וויין . . . דער עיקר!
ווער ניכטער . . . און דאָס קאָן געשען
בלויז דאַן, ווען דו ביסט שיכור!

# דער מכניס-אורח רעדט

ער זאָגט צו מיר: דו זעסט דעם טיש
מיט כל׳ערליי מאכלים?
די פלאַש מיט ווייַן, דעם לאָמפּ מיט ליכט?
ס׳איז הכל הבל . . . חלום!

דו עסט, ווערסט זאַט. גיסט אָן דייַן כוס
מיט רויטן וויַין: — ל ח י י ם! —
די פלאַש איז לער . . . דער קאָפּ איז שווער.
אַ ט י ש מ י ט ב ר ע ק ל ע ך ש י ר י י ם!...

דאָך, עס און טרינק, און זינג און האָב
הנאה פון דייַן חלום.
און, אַז דו ווילסט, איז פאַרט נישטאָ
קיין הבל און הבלים.

דען אַלץ וואָס אין דייַן דמיון בליט —
אַ דוכטעניש, אַ רמז —
איז דאָס אַליין אין זיך אַ יש:
דער קערן רויק פון אמת.

דען וואָס דו רופסט אַרויס בייַ זיך
אין האַרץ, אין דער מחשבה,
איז ד י י נ ס און דאָס וואָס דו באַשאַפסט,
איז חדוה און הנאה!

בכיוון מאַך די אויגן צו,
און דו וועסט זען און גאַפן:
דייַן חלום־וועלט איז שענער פון דער,
וואָס דער בורא האָט באַשאַפן . . .

טאָ, עס און טרינק, און זינג און האָב
הנאה פון דעם חלום.
און אַז די פלאַש, דער לאָמפּ גייט אויס,
שטיי אויף און גיי בשלום . . .

## טרייסט

אַ כמאַרע שפּרייט און שפּרייט זיך אויס,
לעשט אויס דעם לעצטן שטערן.
דער זעגל פלאַטערט, נאָר ער ווייסט
זיך ניט וואוהין צו קערן . . .

ער האָט דעם זעגל אויסגעריכט,
לויט די שטערן־ליכט סימנים,
האָט גאָט זיי אויסגעמעקט, און האָט
פאַרשטעלט פון מיר זיין פּנים.

דער זעגל אָקאָרשט אויסגעריכט
פאַר זיין ווייטער ים־נסיעה:
אָ, גאָט מיין האַר! סיי טרייסט, סיי גזר,
אין דיר איז די מניעה!

דעם זעגל זעט ער שוין ניט מער,
ער הערט אים בלויז אין שטורעם.
אויף רעכטס — מצרים־פינצטערניש,
אויף לינקס — אַ בבל־טורעם.

דאָס שיפל זיינס — אַ הוילער נוס,
אין פינצטערער מרידה . . .
ער הייבט די הענט צום הימל אויף,
און הייבט אָן זאָגן ווידוי . . .

נאָר פּלוצים און עס טוט אַ בליאַסק
אַ בלוילעך־ווייסער שטערן.
— כ׳נעם אָן דיין טרייסט, אפילו ווען
כ׳זאָל ניט געהאָלפן ווערן . . .

דער שטורעם ווילדעווועט נאָך אַלץ,
און רייסט פון זעגל קריעה.
נאָר ביי זיין זייט — דער שטערן טרייסט
באַגלייט זיין ים־נסיעה . . .

## אַש

נעמען זיינען גלייך צו שטערן.
ניט איעדער שטערן בליט
נאַכט אויף נאַכט . . . פאַראַנען שטערן,
וואָס מען זעט זיי קיינמאָל ניט.

בלויז געציילטע, אויסדערוויילטע
שטערן ברענען נאַכט נאָך נאַכט:
עדות, אַז די וועלט איז אייביק
און אַז גאָט איז גנאָד און מאַכט . . .

און אפילו יענע שטערן,
די, וועמען ס'איז באַשערט,
אָפּגעריסענע פון הימל —
זיך פאַרלעשן פאַר דער ערד . . .

פאַלן אויך לויט גאָטס השגחה,
לויט זיין ווילן און געבאָט.
אומעטום איז גאָטס ממשלה:
וואו אַ שטערן פאַלט איז — ג אָ ט!

נאָר אין פאַלן זיינען אויבעט
דאָ מדרגות . . . ס'איז געווענדט: —
איינער פאַלט — אַ בלישטש . . . דער צווייטער —
מיט אַ בליצנדיקן בלענד . . .

איינער פאַלט אַראָפּ אין מדבר,
און דער צווייטער זינקט אין ים,
און אַ דריטער — אין אַ ברונעם,
און אַ פערטער — ווערט ניט סתם . . .

גאָט, מיין האַר! אויב ס'איז באַשערט מיר
צווישן דיינע שטערן זיין
דער, וואָס דאַרף פאַרלאָשן ווערן —
וואַרף זיין אַש אין ים אַריין!

## צום פעלשער פון וואָרט

אַ שיף גייט אונטער אויפֿן ים,
ביינאַכט, אין שטורעמווינט.
און ער, דער ריטער פון אָלימפּ,
גייט אונטער אין אַ טראָפּן טינט.

ער האָט משמעות ניט געוואוסט,
און ניט באַנומען סתם,
אַז אין דעם שוואַרצן טראָפּן טינט,
איז פאַראַן אַ טיפער ים,

און אַז אין יעדן וואָרט און זילב,
אין יעדן מינדסטן אות,
פאַרכּישופט שלאָפט דער שטורעמווינט,
און אין אים — דער אַלבאַטראָס . . .

נאָר ער האָט ניט געוואוסט פון סוד . . .
און אין אַ בייזער שעה
דאָס וואָרט געשענדט . . . און יעדן אות
פאַרוואַנדלט אין אַ קראָ!

און נאַכט נאָך נאַכט, בעת ער שליסט
די אויגן פאַרן שלאָף,
דערזעט ער סטייעס ראָבן פליען —
פיר שורות צו אַ סטראָף . . .

— „אַ זעגל פלאַטערט אויפן ים,
ביינאַכט, אין שטורעמווינט!"
אויף זיינע שויבן וויינט דער טוי.
אַ יעדער טרער — אַ טראָפּן טינט . . .

נאָך יעדן שיפבּרוך בלייבט אין ים,
אַ שפּליטער פון אַ מאַסט;
אַ רעטונגס גאַרטל, וואָס דערמאָנט
אַן אומגעקומענע . . . אָן שיף־באַלאַסט.

פון אים — געבליבן איז אין ווינט
אַ זעמדל זאַלץ . . . נישט מער;
אַ שאָטן פון אַ טריבן אות —
דעם ים צושטייער אויף אַ טרער . . .

דען ער האָט ניט דערפאָרשט דעם סוד
פון וואָרט, פון אות, פון זילב.
געגאַרט האָט ער צו זיין אַ לייב,
און געבליבן בלויז, אין שטויב, אַ מילב . . .

און אים געקומען איז די שטראָף:
דען ער אַליין, מיט זיינע הענט,
אין גאווה־שיכרות, האָט זיין וואָרט,
אין תאווה־בראַנד ביז אַש פאַרברענט . . .

אָ, ברודער מיינער, חבר, הער!
אַזוי זאָגט גאָט דער האַר:
— אַ יעדער וואָרט איז אַ מזבח,
און יעדער אות — עקדה־זשאַר...

## לידער — הירשעלעך

אַ נאַכט אָן שלאָף. אַ נאַכט אָן רו.
דו ליגסט אויף דיין געלעגער,
און פּלוצים — לידער, הירשעלעך,
געיאָגט פון פייל און יעגער.

זיי שווימלען, ווירבלען אַרום דיר,
ווי האַרבסט פאַרברוינטע בלעטער,
אין אַ פאַרלאָזטן וואַלד, בשעת
אַ ווילדן שטורעם וועטער . . .

דו כאַפּסט זיך אויף. דרייסט אויף דעם לאָמפּ —
די אויגן ברייט צעפּראַלעט:
— וואו איז דער „למד"? וואו איז דער „יוד"?
און וואו איז דאָ דער „דלד"?!

די אותיות פלאַטערן צעשטרייט,
ווי פייגל אין אַ שטורעם,
און בלייבן הענגען אַרום דיר,
ווי וואָלקנס אויף אַ טורעם . . .

דרייסט אויף דעם לאָמפּ, דרייסט איין דעם לאָמפּ,
דרייסט באַלד אַרויס אים ווידער —
די נאַכט, זי ברעכט זיך שוין אויף טאָג,
די שעה פאַר — לידער, לידער!

דער מאָרגנשטערן, ווי אַ לאָמפּ,
געצאַנקט און אויסגעגאַנגען.
די זון גייט אויף — אַ גאָלדענער הירש
פון צווישן רויטע זאַנגען.

פאַרלעשסט דעם לאָמפּ און בלייבסט אַזוי
אין מידן דרעמל זיצן.
זעסט — אותיות, זילבן — הירשעלעך
און לידער — לידער־בליצן . . .

# ש ע ט נ ז

אין סאָד ביי מיר — די ביימער גרינען.
בלויז איינער שטייט דאָ צווישן זיי —
אַ בוים אַ נאַקעטער, אָן בלעטער —
פאַרשיכורט נאָך פון לעצטן שניי.

ער קאָן דעם ווינטער נישט פאַרגעסן:
ס'איז שבט. עס פּראָסטיקט ווייס די קעלט.
ער שטייט פאַרצווייגט מיט אַלע ביימער,
פאַרשותּפט מיט אַ ווייסער וועלט . . .

אין גאַס, די שכנים מיינע טענהן:
— נעם, האַק אים אויס. נו, יאָ . . . ס'אַ שאָד!
ער איז דאָך אָבער אַ סטראַשידלע,
וואָס שרעקט די שוואַלבן דיר אין סאָר!

אַ שכנים גוטע! ער איז מיינער!
כאָטש ער איז נאַקעט, וויסט און שוואַרץ.
איך האָב דאָך דאָ אַליין פאַרפלאַנצט אים,
און אים געכאָוועט מיט מיין האַרץ . . .

געזען די ערשטע קנאָספּן זיינע:
דער ערשטער וועלכער האָט פאַרזוכט
דעם ריח פון זיינע בלויע בליטן
און טועם געווען זיין ערשטע פּרוכט . . .

ס'איז וואָר: ער איז דעם גאָרטנס „שעטנז".
דאָך, שכנים מיינע! ש כ נ י ם, פ ר י י נ ט! —
ער איז דער חלום פון מיין נעכטן.
ער איז דער שאָטן פון מיין היינט!

## דאָס ליד פון בלויער ליבשאַפט

דער שיפער איז מיר ערב,
אַז ער וועט מיך בשלום
דעם ים אַריבערפירן
צום לאַנד פון בלויען חלום.

איך וויל און טו אים גלויבן,
און אים זיך אָנפאַרטרויען:
כ׳בין אַלע מיינע יאָרן
געווען פאַרליבט אין בלויען . . .

כ׳האָב ליב דעם בלויען דעמער;
דעם בלויען אָוונטשטערן;
דאָס בלוי פון רויך און רעגן,
דאָס בלוי פון טוי און טרערן . . .

כ׳האָב ליב דאָס בלוי פון שוואַלבן,
דאָס בלוי פון רעגנבויגן.
כ׳האָב ליב דאָס בלוי וואָס שמייכלט
ביי קינדער אין די אויגן . . .

אין האַנט פון בלויען שיפער
גיב איך זיך גערן איבער,
און הינטער זיינע זעגלען
שווים איך דעם ים אַריבער.

עס דעמערט. און דער הימל,
דער זעגל און דער שיפער,
די וועלן — בלויער, בלויער,
די בלויקייט — טיפער, טיפער.

דער ים — ער וויגט מיין שיפל,
אין ווינט — דער זעגל פלאַטערט;
דיין האַרץ איז דעמער־דאָרשטיק,
און חלום־בלוי פאַרמאַטערט.

נעם און שליס די וויעס דיינע.
עס טונקלט בלוי דער הימל,
עס בלויט דער אָוונט־שטערן,
און בלויער נאָך דיין דרימל.

דער פישער איז דיר ערב . . .
געלויבט זאָל זיין גאָטס נאָמען!
ער וועט צום לאַנד, צום בלויען
דיך ברענגען. אָמן, אָמן!

# רעטעניש — „איך"

איך ווייס ניט אין וויפלטן גלגול
איך בין דאָ שוין דאָ אויף דער ערד.
און גאָט ווייסט וויפיל נאָך גלגולים
עס איז מיר אין עתיד באַשערט.

איך ווייס ניט... וואָס בין איך געווען שוין?
איך ווייס ניט... וואָס נאָך איך וועל זיין?
אַ רויך וואָס די ווינטן פאַרטראָגן
אין אלף־הששי אַריין?

אַ שטויבל, וואָס ווערט פונעם שטורעם
פאַרוויכערט אין חלל פון רוים . . .
און גייט אויף — מיט הונדערט יאָר שפּעטער —
פאַרגלגולט אין שטאָם פון אַ בוים? — — — — —

עס לאָזט דער געדאַנק מיך ניט רוען!
אין אייביקער סתירה מיט זיך.
רבונו־של־עולם! אַנטפּלעק מיר
דעם סוד . . . אָ־דאָס רעטעניש „איך".

איך הער אינעם דעמער ווי ס'טירקלט
אַ טויב. זי באַדויערט און טרייסט:
— ביסט הונדערט גלגולים געווען שוין,
און וויפיל וועסט זיין נאָך? — ווער ווייסט?

אַן אָדלער, וואָס שוועבט אין די וואָלקנס?
אַ וואָרעם, וואָס פויזעט אין שטויב?
אַ הירש און גלייכצייטיק אַ יעגער?
אַ שפּאַרבער? אַ שניי־ווייסע טויב?

וואָס דו ביסט געווען שוין — איז סיבה.
און וואָס דו וועסט זיין נאָך — איז סוד.
דער אָקס גייט אין שפּאַן, אָן זיין ווילן,
און בלינד, נאָכן וואָגן — דאָס ראָד . . .

בליץ־פלינק איז דאָס אויג פונעם אָדלער.
דאָך, פלינקער די פייל און די קויל . . .
דער אָדלער קומט אום אין די וואָלקנס,
דאָס ווערעמל — אונטערן זויל . . .

* * *

האַלב דרעמלענדיק הער איך דעם רעגן,
וואָס גרייפּלט, ביינאַכט, אויף מיין שויב:
— געוועזן . . . און וועסט בלייבן . . . דער אָדלער,
דער שפּאַרבער, דער וואָרעם אין שטויב . . .

# צום באַרג-קלעטערער

. . . און אַז דו וועסט דערגרייכן שוין
דעם באַרג־שפּיץ, וואָס וועט ווערן ?
וועסט אַלץ נאָך בלייבן ווייט פון גאָט,
און איינזאַם צווישן שטערן . . .

די שטערן בליאַסקען אין דער הייך,
ווי בלויע כישוף־שפּיגלען.
די לבנה שוועבט — אַן אַלבאַטראָס,
מיט שנייאיק־ווייסע פליגלען.

אָ, בלאָנזשענדיקע איינזאַמקייט !
— וואוהין ? ווי ווייט אַן ערד ? !
— איך זוך די בלויע פאַנטאָם־שיף,
אין ווייסן ים־הקרח . . .

די כמאַרע אונטער דיינע פיס —
אַ ווייסער ים געפרוירן . . .
— קיין נייע וועלטן נישט אַנטדעקט,
און . . . דיינע — אָנגעוואוירן . . .

דו האָסט געאַנט : דער שפּיץ פון באַרג —
אַ טרעפּ צום הימל־טויער.
דער וועג אַרויף איז — האָפענונג.
דער וועג אַראָפּ איז — טרויער.

# שייד־וועג

איך בין געקומען צו אַ פעלדז,
נאָך לאַנגן, מידן וואַנדער.
מיין וועג, מיין אייגענער, ער טיילט
אויף צווייען זיך פאַנאַנדער.

איך שטיי אין שאָטן פון דעם פעלדז,
וואו ס׳קרייצן זיך די וועגן.
פון איין וועג שמעקט מיט מדבר, און
פון צווייטן — גראָז און רעגן.

אַן אָדלער קוקט אויף מיר אַראָפּ
פון גרויען פעלדזן־טורעם:
פון איין אויג קוקט אַרויס די רו,
פון צווייטן אויג — דער שטורעם . . .

נאָר פּלוצים, און אַ דונער פּלאַצט.
עס טוט דער פעלדז אַ ציטער.
מיין האַרץ איז מיד . . . נאָר אין מיין בלוט
זיך צאַפּלט דאָס געוויטער . . .

— גיי רעכטס, גיי לינקס, — דיין וועג סיי־ווי
איז שטרויכלונג און יסורים.
דו ביסט דער פעלדז, די מידע רו,
דער אָדלער און דער שטורעם!

# דאָס גאָט־געבענטשטע וואָרט

דאָס גאָט־געבענטשטע וואָרט איז — פּרוכטבאַר־זאַטע ערד.
דאָס ניט געראָטענע — אַ טעמפּ־פאַרראָסטער שווערד . . .

די צונג איז אָפּטמאָל גליטשיק ווי דער שלייען. און די ליפּ —
דאָס רוב איז, ווי אַן אויסגעמוליעטע און לעכעדדיקע זיפּ:

לאָזט דורך די קלייען מיט דער מעל אינאיינעם אויסגעמישט;
פאַרשעמט די שבתדיקע חלה פאַר די בענטשליכט אויפן טיש.

דער חכם היט, ווי שמירה־ווייץ, זיין דורכגעלייטערט וואָרט:
דאָס רייפסטע גאָלד פון פעלד האָט ער געקליבן און געשפּאָרט,

פאַרן אורח ביי זיין טיש: — ז י י ט ו ע ם , ע ס , ו ו ע ר ז אַ ט ,
ווי נאָך אַ זומער רעגן אויפן דעמבע־בוים דאָס בלאַט,

און ווי דער זון־גערייפטער עפּל אויפן שאָטנדיקן צווייג
האַלט איין דעם אָטעם, הער זיך איין, פאַרנעם און שווייג.

אין ריח פון רייפן עפּל דער וואָרצל אויפגעשפּאַרט
די תמצית־פולע חכמה פון דער קלוגער ערד — גאָטס וואָרט!

אַ רגע און . . . דער קילער אָוונט־ווינט וועט טון אַ בלאָז,
און פאַלן וועט דער רויטער עפּל, ווי אַ שטערן אויפן גראָז,

און דין, ווי ווירעך אויפגיין וועט אין דיר — בשעת
דאָס האַרץ פון עפּל ווייבט אין גראָז — דאָס ליכט פון עץ־הדעת . . .

# פאַר דיין פשוט ליד

דער שאָטן פון אַ שמייכל,
דער שימער פון אַ טרער;
פון וואָרט דער דינסטער ציטער
פאַרוועבט אין מיין געהער.

דריי איין דעם לאָמפּ פאַמעלעך,
און מאַך די אויגן צו;
וויג איין דיין האַרץ, און — חלום
פון שטערן, נאַכט און רו.

דער זומער־וואָלקן נידערט
צום ים — אַן אויגנבליק —
ער טרינקט . . . און קערט אין רעגן
דער ערד דעם ים צוריק . . .

דאָס גראָז אין פעלד איז דורשטיק,
און דו — פון טאָג — ביסט מיד.
די ערד, — זי טרינקט דעם רעגן,
און איך — דיין פשוט ליד.

# מיט אַ געבויגענעם קאָפּ

אַן אָנגעלאָדענער מיט רייפע פרות שטייט דער בוים,
סוף־זומער, אַ געבויגענער צו ד׳ערד.
אַזוי שטיי איך פאַר דיר, מיין גאָט, אַ טיף געבויגענער,
מיט דעם, וואָס דו האָסט מיר באַשערט . . .

נאָר דו, אל־חנון, האָסט געבענטשט מיך — צי געשטראָפט? —
מיט אַ נביאישקייט אין אַפּל פון מיין אויג
צו זען פאָראויס די זאַנגען אויפן פעלד, און נאָכן שניט —
די ברוינע סנאָפּעס תבואה אויפן סטויג.

צי איז דאָס פינטעלע נביאישקייט אין אַפּל פון מיין אויג
ביי מיר אַ ברכה צי אַ שטראָף? — ווער ווייסט?
דאָך איין זאַך, גאָט מיין האַר, איז קלאָר און וואָר פאַר מיר:
דער פונק וואָס אין מיין אַפּל איז מיין טרייסט . . .

דען, יעדעס מאָל, צום סוף פון טאָג, בעת איך שליס
מיין אויג, גייט אויף ביי מיר אין האַרץ אַ טרוים:
איך בין דאָס פעלד, די זאַנג, דער בראָנזיק־ברוינער סטויג,
דער אָנגעלאָדענער מיט־פרות־רייפער־בוים . . .

## צוויי ביימער

דו האָסט דיין בוים געמאָלן
אין פאַרבן כל׳ערליי:
די צווייגן גרין ווי מערשוים,
די בליטן ווייס ווי שניי.

ס׳איז שבט. עס שנייט אין דרויסן.
דיין בוים איז גרין און בליט.
באמת . . . ש י י ן ! מקנא
בין איך אים אָבער ניט.

וואָס האָט אַ טעם אַ פרילינג,
וואָס ווייסט ניט פון קיין האַרבסט?
וואָס האָט אַ זין אַ בליען,
וואָס ווייסט נישט, אַז דו שטאַרבסט?

דאָס אויג דיינס זוכט הנאה,
דאָס האַרץ דיינס — טרייסט . . . דו, נאַר!
צי ווייסטו ניט? . . . הנאה
איז אויך פאַראַן אין צער?

דערפאַר האָב א י ך געצייכנט
מיין בוים — אין ווייס און שוואַרץ . . .
שטאָט בלעטער, בליטן — אותיות,
אין פורעם פון מיין האַרץ.

ער בליט ביי מיר, אין פרילינג.
ווערט רייף אין תמוז, אָב.
די בלעטער זיינע — אותיות —
פון אלף ביזקל תו.

דאָס מינדסטע אות איז — כישוף,
דאָס קלענסטע וואָרט איז — נס.
— ווי לייגסטו אויס גאָטס נאָמען?
— שרייב: ג י מ ל , א ל ף , ט י ת .

פון קליינטשינקע דריי אותיות,
ווי — א ל ף, מ ם און ת ו,
גייט אויף אַ שטראַלונג — א מ ת.
די קרוין פון למד־וואוו . . .

אָ, האַרץ מיינס! גוטער גאָלדשמיד!
שמיד אויס פאַר מיר, נעם שמיד
פון ל מ ד, י ו ד און ד ל ת
דעם נס, דעם מופת — ליד.

געבענטשט זאָל זיין דאָס אויג דיינס!
דו — צויבערער פון פאַרב!
זאָג אָן דיין בוים: — ס׳איז אָסיען!
בויג אָן דיין קאָפּ און — שטאַרב!

# א י ד י ל י ע

איך זיץ און היט אַ קינד, וואָס שלאָפט
אין וויגעלע און שמייכלט.
אַלמאַכטיקער! ווי קלוג דו האָסט
דאָס אַלצדינג אויסגעשכלט!

עס שלאָפט, פאַרקלעמט אין הענטעלע
דעם זיידנס טאָשן־זייגער:
געשפּילט, פאַרשפּילט זיך . . . און אַציגד —
וואָס חלומט עס אַ שטייגער?

— אַ ראבע קאַץ. אַ גרויער קנויל.
די באבע זיצט געבויגן
און שטריקט . . . די קאַץ באַטראַכט דעם קנויל
מיט שוועבל־גרינע אויגן . . .

שאַ. שטיל. דער דרעמל האַלדזט און גלעט,
נעמט ביסלעכוויז פאַרוויגן.
דער זייגער אויפן וואַנט — טיק־טיק,
טיק־טיק . . . און ווערט אַנטשוויגן.

אַרום — די שטילקייט הענגט געדיכט,
מיט האַנט כאַטש אַנצוטאַפּן.
דאָס פענדל לויפט . . . דער שאָטן נאָך:
איינס וויל דאָס צווייטע כאַפּן . . .

נאָר, פּלוצים און דער זייגער — ב־ו־מ־מ־ם!
איך כאַפּ זיך אויף דערשראָקן.
דער מזרח — רויט, דאָס פענצטער גרויט.
אין וויגל שלאָפט אַ זקן!

— וואו בין איך און וואָס איז געשען?!
— זייי רואיק...אַלץ בשלום!
אין וויג, דער זקן, — דאָס ביסטו.
און דער וואָס וויגט — דיין חלום . . .

# דער קורצסטער טאָג אין יאָר

ס׳איז היינט דער קורצסטער טאָג אין יאָר.
ער ווענדט זיין אויג צום זייגער:
— מיט וויפל רגעס איז מיין טאָג
מיר קורצער היינט? . . . אַ שטייגער?

— דו נעם פאַרצייכן אויף דער וואַנט,
נאָך יעדן פענדל־וואַקל,
די שאָטן־פלאַטערלעך . . . צום סוף —
צי אונטער דעם סך־הכל.

עס טיקעט אין די שלייפן אים.
זיין אויג לויפט נאָך דעם פענדל:
— וואָס איז מיט דיר די איילעניש?!
— אַ רגע איז אַ רענדל!

ער ציילט די שאָטנדלעך און ציילט:
— עס שטימט ניט וואו! . . . משמעות,
ער האָט בשעתן חשבונען
געגרייזט . . . געמאַכט אַ טעות . . .

ער זוכט דעם טעות . . . פּרואווט דעם גרייז
פאַרריכטן . . . נישט געראָטן! — — — —
די זון פאַרגייט. דער הימל גרויט.
די וואַנט איז גאָלע שאָטן . . .

# י ר ו ש ה

אַ גאָלדענע זון ליגט ביי מיר אין דער האַנט:
אַ רענדל — דעם טאָג מיר צושטייער.
דער קורס וועגן גאָלד, אין דער וועלט, איז מיר פרעמד.
איך ווייס נאָר — דאָס רענדל איז טייער . . .

— צעבייטסטו דאָס רענדל אויף קליינגעלט, אויף מינץ,
וועט ס׳רענדל צערונען דיר ווערן.
צו שקיעת־החמה — ניט בלייבן וועט דיר
קיין פייעם צו קויפן אַ שטערן . . .

איך האָב דאָס פאַרהערט . . . און דעם גאָלדענעם טאָג
אויף גישטיקע שעהען צעביטן,
האָב אָפּגעשפּאָרט קוים אויף אַ חלבן ליכט —
מיין אייגענעם אומעט צו היטן...

— וועל וואַרטן ביז וואַנען די זון וועט פאַרגיין:
ביז איך וועל אַליין ניט דערקענען
מיין אייגענעם שאָטן . . . ערשט דאַן וועסטו זען
דאָס ליכט אין מיין פענצטערל ברענען . . .

די נאַכט איז פאַרכמאַרעט, דאָס ליכטעלע צאַנקט,
דאָס קנייטל — פאַרנעפּלט פון טרערן:
— בן־אדם! וואָס לאָזטו ירושה דער וועלט?
—דאָס בענקען נאָך ליכט און נאָך שטערן!

# אלף־בית

. . . האָט ווינציק וואָס געלערנט,
און ווינציק וואָס פאַרגעסן.
האָט נישט געציילט די יאָרן,
איצט ציילט ער די מעת־לעתן.

די טעג אים — ווייסע טויבן.
די נעכט אים — שוואַרצע קראָען.
ער ציילט ניט די מעת־לעתן.
ער ציילט די מידע שעהען.

ער טרייסט זיך: — אויף די ימים,
אויף זײַ פאַרמאָגן ברעגעס . . .
ער ציילט שוין ניט די שעהען.
ער ציילט די לעצטע רגעס . . .

אַמאָל האָט ער געלערנט —
שוין לאַנג צוריק מיט יאָרן! —
דער אלף־בית . . . ער טליעט
ביי אים נאָך אין זכרון.

געשלעפּט זיך נאָכן טייטל
אין האַנט פון בייזן רבין,
און קוים זיך אויסגעלערנט
דעם אלף־בית פון לעבן . . .

און איצט — ביים סאַמע „ת" שוין, —
זיך אומגעקערט צום אלף — — —
די זון פאַרגייט אין מערב —
אַ בלוטיק־רויטער חלף . . .

# בער וויל אַנטלויפֿן

אין בערן האָט זיך ווי אַריינגעכאַפּט אַ דיבוק, גאָט באַהיט!
ער וויל ניט אַנדערש, ווי באַזעצן זיך אויף לאַנד
און נאָך אין נאָרד דאַקאָטא — אין די הרי־חושך, ב־אַלדע שוואַרצע יאָר!
צווישן פרעמדע גויים, אָן אַ צונג אין מויל . . .
— היתכן! — טענהט מען מיט אים — אין דיינע יאָרן, בער!
אין נאָרד דאַקאָטא זיך פֿאַרליבט און — גאָר!
און אגב האָסטו זיך אַ קאַפּיטשקע צו שפּעט דערמאָנט!
דו וועסט ניט קענען איבערטראָגן דאָרט די קעלט.
דאָרט שנייט כסדר . . . ס׳גאַנצע יאָר!

נאָר בער נעמט אָן אַ פולן מויל מיט שוויגעניש און שווייגט.
דו וועסט מיט צוויי פּאָר אָקסן אים ניט רירן שוין פון אָרט.
יוכבד איז די איינציקע, וואָס קען נאָך ווי ניט איז
אַרויסבאַקומען ביים פֿאַרעקשנטן בורלאַק אַ וואָרט.

אלקנה בינדט זיך איינמאָל צו צו אים.
הייבט אָן צוערשט מיט ווייכע, לאַשטשענדיקע רייד:
— וואָס האָסטו זיך אָקלעפּעט גראָד אין נאָרד דאַקאָטא, בער!
— אין נאָרד דאַקאָטא, ענטפערט ער, איז גוטע ערד;
איז שוואַרץ ווי סמאָלע . . . פעט ווי קאָדע . . . דו פֿאַרשטייסט?
— אין נאָרד דאַקאָטא, — סטראַשעט אים אלקנה — איז סכנות קאַלט,
ווי אין „סימביר״. דו וועסט צו אַלדע שוואַרצע יאָר
פֿאַרפֿרוירן ווערן דאָרט, דו אַלטער פֿערד!
כדי ניט אָפּצופרירן זיך די אויערלעפּלעך טראָגן דאָרט
אפילו ווייבער בערד!

עס העלפֿן אָבער ניט די אַלע לאַשטשענדיקע רייד.
דער אַלטער טוט אַ האַק צענויף די ציין, פֿאַרשנורעוועט
דאָס אויסגעקאָרטשעט פנים אין דער גרויער באָרד אַריין,
און ווי אַ טשערעפּאַכע אין סכנות טוט ער מיט אַמאָל אַ צי אַריין
דעם האַלדז, די אויערן, דאָס היטל מיטן ווייסן קאָפּ
צו זיך אין קאַרק אַריין און ס׳נעמט אים גאָר דאָס לשון אָפּ.

אַז בער האָט אָבער שוין געהאַלטן ביים פּאַרקויפן ס'הויז,
דאָס מעבל מיט די בעבעכעס, האָט זיך יוכבד אַנגעזעצט אויף אים.
צוערשט מיט גוטן און דערנאָך — מיט האַרטע, בייזע רייד;
מיט טענות, ראיות, וואָרעניש; מיט טרערן און געבעט
האָט זי אים קוים מיט צרות איינגעקאָשקעט, איינגערעדט,
אַז יאָ אַ פֿאַרם, איז כאָטש ניט ווייט — אַרום נויאָרק!
ווי נעמט עס אַ מענטש און באַגראָבט זיך אין אַ וויסטעניש
פֿאַרוואָרפֿן צווישן פֿרעמדע גויים, אינדיאַנער אין דער פֿרעמד,
פֿון אייגענע . . . פֿון יידן אָפּגעריסן, ווייט פֿון גאָט און לייט?
דערצו נאָך אָן אַ צונג אין מויל, אָן לשון און נישט האָבן ווער
זאָל דיר פֿאַרצירעווען אַ זאָק, אַ קנעפּל אייננייען אין העמד.

דער אַלטער האָט געבאָרעט זיך . . . געוואָרטשעט און געברומט
און האָט לסוף יוכבדן צוליב געטאָן: —
ביסט ערגער נאָך פֿון נאָרד דאַקאָטא, אַז דו זעצסט זיך אָן.

אלקנה איז אַוועק מיט אים אַרום ניו־דזשוירזי אָנצוקוקן לאַנד.
אַ מעקלער האָט נאַרייעט אים אַ פֿאַרם ניט ווייט אַרום בעיאָן:
צען אַקער לאַנד, אַ שטיבל ווי אַן אייער־קעסטל גרויס,
צונויפֿגעקלעפּט פֿון ברעטלעך, לייסטלעך און קאַרטאָן;
אַ פּאָר מנינים ביימער — עפּל, באַרן, פֿלוימען, קאַרשן, ניס;
צוויי אויסגעהאָרעוועטע פֿערד, אַ דזשוירזי קו, אַ קאַלב,
אַן אַקעראייזן און אַ ביסל פֿאַרם־געצייג; אַ שייער און אַ שטאַל,
אַן אויסגעלאַטעטן קאָטוך מיט עופֿות און אַ רויטן בייזן האָן;
אַ ברונעם מיט אַ ברוין פֿאַרראָסטן פּלומפּ און לעבן הויז
זיך ריזלט, ווי אַ שלאַנג אין גראָז, אַ שפּרודלדיקער וואַסער־קוואַל.

אלקנה האָט געטון אַ שטעק אַריין די האַנט אונטער אַ בייט
און האָט אַרויסגעשלעפּט אַ זשמעניע שוואַרצע, פֿעטע ערד,
דאָס צוגעטראָגן נאָענט בערן צו דער נאָז.
פֿון צווישן צוויי גערדיכטע גרוי־געקרויזטע בערד
האָט פֿריש אַ שמעק געטאָן די וואַרעם־פֿייכטע ערד.
אלקנה האָט אַ וואונק געטאָן, ווי איינער רעדט:
אַ מבין כאָטש? . . . וואָס זאָגסטו עפּעס, בער?
דערביי האָט שוין פֿון אלקנהס אויג געטאָן אַ שימערל
אַ פֿייכטער גלאַנץ . . . אַ רמז אויף אַ טרער.

ביי בערן האָט צעעפנט זיך דאָס שווערע האַרץ:
— נו, זאָג אַליין, אלקנה! אפשר שלעכט?
מחיה, רואיק, שטיל . . . גאָטס וועלט איז טאָקע שיין. —
ער האָט אַ צי געטאָן דעם אָטעם מיט דער נאָז און ווידער זיך צערעדט.
— איך טויג שוין פאָרט ניט צו דער וועלט . . .
אָן אַלטער איינגעגעסענער וואָרטשון . . . דערגייי די יאָר,
דערקוטשע אַלעמען . . . געגוג . . . כ'וועל פּרואוון זיין אַליין . . .
די זין, די בנים מיינע, האָב איך שוין באַוואָרנט, דאַנקן גאָט.
אברהמקע אַרבעט אַלס געהילף ביי „פלובעריי",
און טויג זיך דווקא אויס, אַ בריה ביי זיין פאַך.
האָט נאָך אַ יאָר ביז ער וועט גיין פאַר זיך אַליין . . .
דער בחור האָט אַ ווייטן קוק . . . פאַרשטייט דעם פאַך.
מנשה האָט געקויפט אויף ניינטער עוועניו
אַ „האַט־דאָג סטענד" און מאַכט ניט שלעכט.
ער האָרעוועט אפילו זייער שווער, האַלט אָפן גאַנצע נעכט
און שלאָפט שוין אויף דעם חשבון ביז נאָך האַלבן טאָג.
די קונים זיינע, זאָלסט מיר מוחל זיין, — די רעכטע „באָמס"!
נו, — מילא . . . וועט ער דאָס פאַרקויפן מיט דער צייט.
ער האָט אַ ווייטן קוק: וועט עפענען אַ גרויסן רעסטאָראַן
מיט ווייסע טישלעך, שפיגלען, מירמלשטיינערנע ווענט —
אַ־יענע, וואו דער עולם גייט, ווי צו הקפות,
מיט די טאַצן אין די הענט.
און מלכה מיט איר יענקיוואָטן מאַן, דעם פלוט,
זי האָב איך שוין באַוואָרנט . . . ס'איז איר קיין עין־הרע גוט.
דו מיינסט איך וויים מיט וואָס ער האַנדלט דאָרט?—
כאָטש נעם און האַק מיר אָפּ דעם קאָפּ.
איך וויים נאָר אַז ער מאַכט אַ שלל מיט געלט.
און ער, מיין יעלעק, איז אַוועק . . . וויל ראַטעווען די וועלט.
אַ יונגער בוים . . . געגומען און דאָס לעבן איינגעשטעלט.
נאָר איין גאָט וויים וואו ס'איז אַהינגעקומען זיין געביין.
פאַרשטייסט, אלקנה? אייבי. מאַללי. דזשערי. מאָו . . .
היינט גיי און זיי אַ בריה . . . רעד זיך אויף מיט זיי.
כ'פאַרשטיי דען דזשעריס לשון . . . וואָס ער רעדט.
קיין אלף פאַר קיין צלם וויים עס ניט.
דו מיינסט עס טוט ניט וויי? . . .

ער האָט זיך אָפּגערוט, אַ שלונג געטאָן די שפּייעכץ און געזאָגט:
און איר — פאַרגעסט ניט. קומט אַמאָל אַ קוק טאָן, וואָס איך מאַך.
אלקנה האָט מיט אַ שווער געמיט געזעגנט זיך, צעקושט,
זיך אויסגעדרייט און זיך אַוועקגעלאָזן מיטן שמאָלן שליאַך,
וואָס פירט אַוועק צום באַן, וואָס לויפט פאַרביי בעיאָן.

## יוכבד סטראַשעט

אלקנה איז אַהיים געקומען גאָר אַן אַנדער מענטש:
— יוכבד סערדצע! אָנגעקוקט און מיר געפעלט! . . .
כמעט ווי אין אוקראַינע . . . אין דער היים . . .
דאָרט זעסטו אמתדיק גראָז . . . אַ לעבעדיקן בוים.
עס אָטעמט זיך גאָר אַנדערש . . . אַ מחיה! גאָר אַן אַנדער וועלט!

יוכבדס האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אלקנהס רייד.
אַ ויתרוצצו פון אומעט, אויסגעמישט מיט שטילער פרייד.
— וואָס פלאַפּלסטו, אלקנה? האָט זי זיך צערעדט מיט האַרץ:
כ׳ווער קאַרג אין דיין נויאַרציע דאָ פאַרשוואַרצט.
איך מוטשע זיך ווי איינער — מיינע שונאים — אויפן טויט.
איז רעכט ביי דיר, אַז איך זאָל ערשט פונסנייַ
זיך נעמען פאַר דער דייזשע . . . קנעטן, באַקן ברויט,
זיך באָרען מיט די שייטלעך האָלץ אין אויוון יעדן אינדערפרי
און פּטרן די אויגן מיינע בלאָזנדיק דעם רויך . . .
זיך פּאַטשקען מיט דעם לאָמפּ און מיט דעם שטינקענדיקן קעראָסין!
איך קען שוין ניט, אלקנה! כ׳האָב שוין ניט קיין כוח!
אלקנה האָט געמאַכט אַ שווייג, די ליפּן אָפּגעווישט,
און נאָר אַרויסגעבורטשעט, ווי פון בויך:
— כ׳האָב גאָרנישט ניט געמיינט! וואָס שרייסטו, יידענע!
כ׳האָב נאָר געזאָגט . . . וואָס קומט מיר פאַרדערפאַר?!
יוכבדן אַליין פאַרדריסט שוין אויף פלוצלימדיקן כעס,
אומזיסט פאַרשאַפט אלקנהן צער.
וואָרעם זי אַליין האָט זיך פון זיינע רייד פאַרבענקט אַהיים.
זי וואָלט אַליין אַ בעלן זיין אַ קוק טאָן אויף אַן אמת ביסל גראָז,
אַ טונק טאָן כאָטש די האַנט אין וואַסער פון אַ פרישן קוואַל.
דערבליקן אַרום זיך דעם קילן שאָטן פון אַ לעבעדיקן בוים

און ניט זיך דאַרפן שלעפּן איין מאָל אין אַ יובל אַזש
קיין צענטראַל פּאַרק כדי מחיה זיין דאָס אויג.
מכבד זיין די לונגען מיט אַ ביסל פרישע לופט, די נאָז
מיט דעם גערוך פון אמתדיקער ערד . . . אַ טאַפּ טאָן כאָטש אַ ביסל גראָז.

און אַז אלקנה האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ,
האָט זי אַוועקגעווישט פון באַק אַ טרער,
וואָס האָט געוויקלט זיך צום מויל אַראָפּ.

## „אונדזער ערד״

די נייס, אַז בער האָט אין ניו־דזשוירזי זיך געקויפט אַ פאַרם,
האָט צווישן זייַנע דאָרפס־לייט, קרובים זיך צעשפּרייט,
ווי שפּעט, אין האַלבער נאַכט, אַ שרייענדיקער פייער־אַלאַרם.
און דאָס, וואָס האָט אין יעדערן געטליעט אין דער שטיל,
באַהאַלטן אין די הערצער, האָט צעפלאַקערט זיך —
אַ פלאַם געטאָן — אַ צווייענדיק געפיל:
אַ שלייף, וואָס האָט פאַרקניפּט די בייע מיט דער אַלטער היים.

דער ערשטער, וואָס האָט דעם דאָזיקן געפיל אַרויסגעזאָגט
איז געווען נחמן . . . אין אַ פרייטיק אויפדערנאַכט,
בשעת מע האָט פאַרזאַמלט זיך ביי די טשאַבאַריוּוסקעס אין הויז.
ביים טיש האָט נחמן וועגן אָט דעם דאָזיקן געפיל מיט היץ
צעטענהט זיך. דעם ענין ברייט און פייערלעך אַרומגערעדט:
— כ'האָב לאַנג שוין וועגן דעם, וואָס כ'גיי אייך זאָגן איצט, געטראַכט.
דער עצם ענין, דער געדאַנק אַליין איז גאָר ניט אַזוי ניי.
אַזאַ עקספּערימענט איז אויסגעפּרוּווט געוואָרן ערשט ניט לאַנג צוריק
ביי אונדז דאָ אין אַמעריקע. אַ גרופּע פון „עם־עולם״ האָט געפּרוּווט:
געקויפט אַ שטרעקע לאַנד מיט דעם געדאַנק
צו בויען אויף געזעלשאַפטלעכע יסודות זייער גליק.
נאָר עפּעס האָט זי קיין הצלחה ניט געהאַט,
קיין מזל ברכה און . . . קיין אחדות ניט געווען,
וואָס דאָס איז ניט קיין ראיה, אַז עס קען שוין קיינמאָל ניט געשען.
און נחמן האָט דעם ענין גוט צעקייט, אויסגעברייטעט און דערקלערט:
דער עיקר, האָט ער אונטערשטראָכן, שאַרף באַטאָנט:
איז דאָס, וואָס יעדערער פון אונדז איז אויסגעוואָרצלט מיט דעם פּענק.

אונדז פעלט אונטער די פיס אַ באָדן, לעבעדיקע ערד! . . .
זיך אויסגעקאָראָניעט און אין ערגעץ זיך ניט פאַרפלאַנצט.
אָן וואָרצלען — איז אַ יעדער צווייג באַזונדער אָן אַ טראָפּן חיות.
זיי הענגען ווי געליימטע אויפן בוים,
צעטיילט . . . באַזונדער, נישט פאַרגאַנצט.

אַז נחמן האָט געענדיקט רעדן האָט טשאַבאַריוואָסקי,
ניט פרעגנדיק ביי קיינעם, זיך אַלס פאָרזיצער געקרוינט.
ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:
— רבותי! ס׳איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אויף אַ־דעם,
ווער וויל דער ערשטער מעלדן זיך צום וואָרט.
אלקנה האָט ניט דרייסט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט,
זיך אויסגעהוסט און האָט געזאָגט:
— איך בין אַ פּראָסטער חי־וקים, ווי איר ווייסט,
און וועל דעריבער רעדן פּראָסט און פּשוט, צו דער זאַך.
רבותי, ס׳איז קיין תכלית ניט. ס׳איז אונדז ניט גוט.
איך טראַכט . . . און ווייס ניט וואָס מען טוט . . .
אַריינגעפאַלן דאָ אין דעם נויאָרק — פון דאָרף
מיט איינמאָל אין אַ מוראדיקן כרך . . .
מיר דאַכט זיך אויס: מיר וואוינען אַלע אין אַ שטיינערנער קאַזאַרמע,
אַ וואַלד פון ווענט — אָן פענצטער, אָן אַ דאַך . . .
אַ דור הפלגה, וואו איעדער איינער רעדט אַן אַנדער שפּראַך.
מיר טויגן ניט, רבותי, פאַר דער סדום־ועמורהדיקער שטאָט,
מיר פּאַסן דאָ זיך ניט אַריין . . . געהערן ניט אַהער . . .
פאַראַנען שולן, חברות, תלמוד תורות, כשרות,
רבנים, שוחטים, „בוטשערס״, „פּושקאַרטס״ כל׳ערליי,
און יידן, קיין עין־הרע ניט, געגאָלטע און מיט בערד . . .
צוגויפגעטריבן פון דער גאָרער וועלט. אויף יעדן טראָט —
אַ „פּאונשאָפּ״, וואָס מאַכט אונדז מיאוס אין די אויגן פון דער וועלט,
נאָר הינטער אונדז איז פּוסט . . . נישטאָ קיין לעבעדיקע ערד.

דער עולם איז געבליבן זיצן ווי געפּלעפט,
און נחמן, אויפן האַרץ פאַרפלאָכטן ביידע הענט,
די אויגן אויסגעגלאָצט, צעעפנט ברייט דאָס מויל,
באַטראַכט אלקנהן, ווי ער וואָלט אים ניט דערקענט.
איז זיכער, אַז אלקנה ווייסט אַליין ניט, וואָס ער רעדט —
אַ צווייטער מ א ָ ר י ס ר א ָ ז ע נ פ ע ל ד. אַן אמתער פּאָעט.

אלקנה טאַקע האָט אַליין ניט קלאָר באַנומען, וואָס ער האָט געזאָגט.
נאָר אומגעריכט האָט זיך אין אים דאָס בלוט צעקלאָגט:
עס האָט זיך עפּעס אויפגעזאַמלט אין זיין שווער געמיט
אַזוינס, וואָס ער אַליין האָט ניט געוואוסט, אַז ער פאַרמאָגט,
און איצט דאָס פון זיין נשמה, ווי אַ דיבוק, זיך אַרויסגעזאָגט.

— איך מאַך אַ פאָרשלאַג, — האָט זיך ביבערמאַן געטאָן אַ שטעל אַוועק:
מיר זאָלן גרינדן אָט — אַזאַ מין „עם־עולם" ווי דאָס הייסט . . .
אינקאָרפּאָרירן זיך און נעמען תכף זוכן לאַנד.
פאַראַן גענוג דאָ, אין אַמעריקע, שטחים ערד, וואָס פּוסטעווען,
וואָס האָבן קיינמאָל ניט געפילט אויף זיך אַ לעבעדיקע האַנט . . .

טשאַבאַריווסקי האָט ביבערמאַנען אָפּגעשטעלט און האָט געזאָגט:
— ניט יושרדיק, מיר דאַרפן הערן פון די פרויען אונדזערע.
זיי האָבן עפּעס אויך אַ שטיקל דעה . . . אפשר ניין?
מיר וועלן דאָך ניט פאָרן און זיי לאָזן דאָ אַליין!
איז, — לאָמיר טאַקע הערן זייער מיינונג. ווער וועט מעלדן זיך צום וואָרט?
האָט מינדל זיך פאַררויטלט און זיך אויפגעהויבן פון איר אָרט
און מיט אַ ציטערדיקן קול געזאָגט:
— כ'בין נישט קיין רעדנערקע, ווי נחמן צי טשאַבאַריווסקי.
און נישט באַקענט מיט די מנהגים פון דעם נייעם לאַנד,
פאַרשטיי ניט די געזעצן און באַזונדער יעדן דין.
איך ווייס נאָר, אַז אַמעריקע איז ערשט אַריין אין קריג . . .
נאָר נאָך מער ווייס איך, אַז מיר זיינען מאַמעס פינצטערע
און האָבן, קיין עין־הרע, היפּש דערוואַקסענע, געזונטע זין.
כ'ווייס אויך, — מיר זיינען יידן און מע קוקט אויף אונדז . . .
עס קען, חלילה, שאַטן . . . אַגב איז ניט יושרדיק . . . ניט גוט,
אַז מיר זאָלן אויסבאַהאַלטן זיך . . . ניט וועלן גיין . . .
נאָר ווער איז שולדיק, אַז מיר האָבן קינדער . . . אונדזער בלוט.
איך האָב געהערט . . . כ'האָב אין די צייטונגען אַליין געלייענט,
אַז די, וואָס זיינען פאַרמער און באַאַרבעטן די ערד,
וועט מען ניט נעמען אַזוי גיך . . . און אפשר גאָר אינגאַנצן ניט.
איך מיין ניט, אַז מיר זאָלן אויסבאַהאַלטן זיך. חלילה, גאָט באַהיט!
איך מיין נאָר, — אפשר וועלן מיר זיי ראַטעווען פון — טויט!
וואָלט איך געמיינט — — —
און מינדלען האָט דאָס האַרץ פאַרקלעמט און זי האָט זיך צעוויינט.

* * *

ביים טיש האָט ביבערמאַן געפּרואווט פאַרציען אַ ניגונדל.
ס'איז אָבער ניט געגאַנגען . . . עפּעס האָט עס
ווי אַ רעגנוואָרעם אין אַ בלאָטע זיך געשלעפּט.

נאָך האַלבער נאַכט איז יעדערער אַוועק צו זיך אַהיים,
און, גייענדיק פאַר זיך אַליין געקלערט,
און דאָך האָט יעדער קלאָר דעם צווייטנס האַרץ געהערט . . .
— דו ווייסט, האָט ביבערמאַן באַמערקט צו דושקינען,
כדי אים איבערשלאָגן די מחשבות, וואָס ער טראַכט:
— אַ שיינער נאָמען — „אונדזער ערד״!
— אַ קלינגענדיקער נאָמען — „אונדזער ערד״.
— אַ גוטע נאַכט!
— אַ גוטע נאַכט!

## איבערגעברענט

אַ דאַך אַ שטרויענער, געטראָפן פון אַ בליץ,
פלאַמט אויף, דערלאַנגט אַ פלאַקער און פאַרלעשט זיך באַלד.
גאָר אַנדערש איז בעת אַ בליץ צינדט אָן אַ דעמב,
וואָס שטייט אין מיט פון אַ געדיכטן וואַלד:
דאָס פייער שפּרייט פאַנאַנדער זיך פון בוים צו בוים
און כאַפּט אַרום דעם גאַנצן וואַלד און ווערט
אַ פייער־זייל, אַ פאַקל, וואָס צינדט אָן
דעם הימל מיט דער ערד.

נאָר נחמן איז אַפּנים ניט קיין דעמב,
און די משפחה נחמנס — ניט קיין וואַלד.
זיין וואָרט איז ניט געווען קיין בליץ,
נאָר סתם אַ פונק, וואָס איז אינאיינעם מיטן רויך
אַרויס פון אַ פאַרסאַזשעט־ענגן קוימען צו דעם ווינט,
און האָט קיין כוח ניט געהאַט . . .
דער ווינט געווען צו שוואַך . . .
דער הימל איז געווען צו הויך
און נעענטער דער דאַך
פון שטרוי.

און אָט אַזוי
האָט ער געטאָן אַ פלאַם, אַ פלאַקער
און אַוועק אינאיינעם מיטן רויך.

* * *

די ווייבער האָבן זיך פאַרעקשנט און פון אָרט זיך ניט גערירט,
געבונטעוועט זיך, און דאָס זייעריקע אויסגעפירט.
זיי ווילן ניט באַנייס ערשט ווערן פּראַטשקעס אויפן סטעפּ;
ראַשטשיבען, קנעטן, באַקן ברויט און האָדעווען
די עופות פיר אַזייגער אין דער פרי.
באַנייס זיך נעמען שלעפּן וואַסער, טראָגן האָלץ,
און מעלקן דאָ קאַלאַמבוסער אַריסטאָקראַטיש שיינע קי.

יוכבד האָט געאַרבעט מעשים, זיך אַרויסגערעדט די גאַל:
זי וועט ניט נעמען הירשלען און פאַרשלעפּן אים קיין האָצעפּלאָץ . . .
זיך שפּילן מיט די שקאָצימלעך, זיך חברן מיט קעלבער דאָרט אין שטאַל.
דאָס קינד — איר איינציק אויג אין קאָפּ,
וואָס רייסט זיך צו אַן אַנדער וועלט.
פאַר הירשלען זיינען אַלע וועגן אָפן, ניט פאַרשטעלט.

אלקנה אָבער טענהט זיינס:
וואָס ווילסטו מאַכן פון דיין זון? אַ רב!?
יוכבד בלייבט ניט שולדיק און זי ענטפערט אים:
וועט זיין אַ צדיק, ווי זיין טאַטע . . . זיין אַ למד־וואו!
אלקנה מאַכט זיך טויב און טענהט זיינס:
זיצט גאַנצע נעכט און דראַקעט אויף פּאַפּיר!
ער וועט נאָך אויסזיצן חלילה אויפן זיצער אַ געשוויר!
ביי לייטן לערנט מען אויף דאָקטאר, אַדוואָקאַט.
אַז איינער האָט אַ שוואַכן קאָפּ — איז — ווערט ער אַ דענטיסט,
און אַז ער האָט שוין גאָר קיין שכל ניט — איז כאָטשבע אַ „דראָגיסט”!
יוכבד ציינדט זיך אָן: — פאַרוואָס ניט אַ פּראָפעסאָר־פּרעסער אין אַ שאָפּ?
ווי דו . . . וואָס איז, ער האָט ניט אַזאַ גוטן קאָפּ?
אלקנה זעט, אַז ער וועט היינט ניט פאַרטיק ווערן שוין מיט איר,
דערלאַנגט ער זיך אַ הייב, אַ לויף אַרויס,
דערלאַנגענדיק אַ פּראַל נאָך זיך די טיר.

אלקנה ווייסט אפילו, אַז זיין הירשל טראָגט אַ גוטן קאָפּ אויף זיך.
נאָר וואָס? אַז שרייבערס, זאָגט מען, האָבן ניט אויף ברויט
און גייען אַרום אָן פּלודערן, מיט אויסגעקרומטע שיך.

דערעסן האָט אים שוין דאָס ווייסטע פּרעסערייַ.
קאָלאָמבוסעס „לאָמפּרייטערס", מיט די „פּינדעשערס"; דער שאָפּ.
ווען ער וואָלט זיך געקענט פון עיפּושדיקן שאָפּ באַפרייען.
ער וואָלט געדאַרפט אַ זוך טאָן „ביזנעס", עפּעס „טרייען".
אַ „זאָדע־וואָסער סטענד", אַ „קענדי־סטאָר", אַ „פּייפּער ראוד".
אין תוך גענומען איז יוכבד דען ניט גערעכט?
עס איז איר אָנגעזאָלעט אויפן האַרצן, נעבעך שלעכט.
אלקנה טוט אַ נדר. ער באַשליסט: אם ירצה השם
נאָך שבת, בלי־נדר, לאָזט ער זיך אַרויס צו זוכן אַ געשעפט.
און אַז מען זוכט געפינט מען. העלפט השם־יתברך און מען טרעפט . . .
דאָס זיכערסטע איז פּאָרט אַ צייטונגס־„סטענדל" מיט אַ „ראוד".
נישטאָ דערביי קיין ריזיקע . . . מע שטעלט ניט איין קיין סך.
אַבי אַ זיכער שטיקל ברויט און איבערן קאָפּ אַ גאַנצער דאַך.

פאַרנאַכט איז ער אַהיים געקומען מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל אין דער באָרד,
הכנעהדיק, ווי איינער וואָס איז מודה זיך,
אַז ער האָט זיך באַנאַרישט . . . איז באַגאַן אַ זינד
און בעט מחילה, ווי אַן אָפּגעשמיסן קינד.

אלקנה איז מגלה פאַר יוכבן זיין סוד:
ער האָט באַשלאָסן, בלי־נדר, באַלד נאָך שבת זוכן אַ געשעפט.
יוכבד שלאָגט אים איבער און זי טרעפט —
אַ „סטענדל מיט אַ צייטונג־ראָוד".
— פונוואַנען ווייסטו דאָס אַזוי פון וואָס איך האָב געטראַכט?
— איך קען מיין סוחר . . . ס'איז שוין צייט, אַ דאַנקען גאָט.
נאָר הער, אלקנה! זאָלסט למען השם ניט קלערן פון דער „קאָנטרי". הערסט!?
פאַרקריכן ערגעץ וואו צו אַלדע גוטע יאָר . . . אָט דאָ אין שטאָט!
וואו אונדזער קינד קען לערנען און דערגרייכן עפּעס רעכטס.
דאָס קינד און איך — מיר וועלן העלפן דיר ביים „ראוד".
דו מעגסט מיר גלויבן, אַז מיר ווינטשן דיר חלילה ניט קיין שלעכץ.
אלקנה וואָלט יוכבדן אַ קוש געטאָן. אַ קוש אויף יעדער באַק,
איז האָט ער מורא פאַר אַ פּסק.

ער שווייגט און שמייכלט אומעטיק צו זיך אין באָרד אַריין.
יוכבדס פּנים איז איצט שיין און מילד און אומעטיק פאַרטראַכט,
ווי די לבנה אין דער בלויער טונקלעניש פון ערב נאַכט.

## אַ באַהעלטעניש

מינדל, פון איר גאַנצער דאָרף־משפחה, איז די איינציקע,
וואָס וויל אַנטלויפן פון ניו־יאָרק: זיך איינגערעדט,
אַז דאָ וועט זי ניט קאָנען אויסבאַהאַלטן אירע זין:
פאַרהיטן זיי פון „אָנקל סעם״... זיי ראַטעווען פון שונאס ביקס...
„אין שטאָט בין איך מיט זיי ניט זיכער, הערסט, בן־ציון?!״
בן־ציון איז אַלע זיינע יאָרן טויב. ער הערט ניט. שטויסט זיך אָבער אָן...
ער לייענט פון מינדלס ליפּ אַראָפּ איר ביטער האַרץ.
— נישטאָ קיין אַנדער ברירה, ווי אַ — פאַרם!... וואָס קאָנסטו טאָן?!

בן־ציון האָט ערגיץ אין די „קעצקילס״ אָפּגעזוכט אַ פאַרם,
צווישן פאַרמערס, יידישע, און פון אַ שטעטל גראָד ניט ווייט.
אום זומער קאָן דאָס זיין — אָט דאָס־אָ, וואָס מען רופט —
אַ ״פּלעזשור־פּלאַץ״, וואו פּעטע ווייבער קומען צו פאַרלירן וואָג,
און עסן לויזע אייער, טרינקען מילך, נאָך וואַרעם פון דער קו;
שפּאַצירן אין די בערג ביז האַלבער נאַכט און שלינגען פרישע לופט.
— נאָך לאַנגע זעקס חדשים, ווינטער, אין דעם טייערן ניו־יאָרק,
נישקשה... מעג מען זיך פאַרגינען כאָטש אַ צוויי חדשים רו...

די פאַרם באַשטייט סך־הכל פון אַ זיבן אַקער לאַנד: אַ שטוב,
אַ שייער, אַ קאַטוך; אַ צענדליק ביימער און אַ שטאַל;
צוויי מעלקעדיקע קי; אַן אַקער־אייזן און אַ פּאָר האָרבאַטע פערד. —
בן־ציון וועט, בין הזמנים, פּרוּוון זיך מיט זיי
פאַרדינען עפּעס ביי דער זייט...
און זאָלן זיך די בנים זיינע באַברען דאָ אַרום דער ערד.

האָט מינדל איינגעפּאַקט איר ביסל בעטגעוואַנט,
אין פעסלעך איינגעפּאַקט די טעפּלעך, דאָס געפעס.
בן־ציון האָט פון ז ײ ן פאַרם, מיט עפּעס אַ געפיל
פון גאווה, אין שיינעם אינדערפרי, געבראַכט
זיין אייגענעם צוויי־טאָניקן „עקספּרעס״,

אים אָנגעלאָדן מיט די בעבעכעס, אַרויפגעזעצט דאָס הויזגעזינד,
און אין אַ מזלדיקער שעה, געלאָזן זיך אין וועג אַריין.
מיט פּייטשע, שמייכלענדיקע אויגן קוקט אים די משפּחה נאָך,
באַגלייט אים ביז דער וואָגן מיט די פערד פאַרשווינדט.

## די נסיעה צום פאַרם

דעם גאַנצן טאָג האָט זיך בן־ציון געשלעפּט אַרויף צום פאַרם.
און כאָטש ס׳איז שוין געווען סעפּטעמבער, און דער האַרבסט
האָט זיך געלאָזן פילן דורך די נעכט, איז דאָך דער טאָג
געווען כמעט אַ זומערדיקער — פאַרנע, נודנע־וואַרעם.

בן־ציון האָט ממש מיט די אויגן אָנגעטאַפּט דעם רעגן, אין טומאַן.
דער רעגן זאָל אים ניט פאַרכאַפּן כאָטש אינמיטן וועג!
די סוסים, איינגעהויקערט, ראַטשקעווען אין שווערן שפּאַן,
און מינדל, אויף דער קעלניע, זיצט אין דרייען אויפגעקנוילט,
איז מיד, איר האַרץ איז ליידיק, ווי אַ נוס פון וואָרעם אויסגעהוילט . . .

די בנים, מיט אַרונטערהענגענדיקע, באַמבלענדיקע פיס,
זיך זיצן אויפן הינטער־לאָדן פון דעם אָפּענעם „עקספּרעס״,
און קוקן מיט צעגלאָצטע אויגן אויף די סטאָלבעס פאָזע שליאַך,
וואָס לויפן זיי אַנטקעגן פון דעם פעלד, פאַרצאַמען ממש זיי דעם וועג.
דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיי געזעגענען זיך אָפּ מיט „ברוקלין־ברידזש״,
און מיט די גרויע גאַסן — ריט און פיט און ווילעט סטריט,
וואָס חושכן אין שכנות מיט דעם בלאָטיקן „איסט־ריווער״ ברעג.

דער עלצטער בחור, היימי, אַ שווערלייביקער, בוצמאַטער יונג,
אַ יאַט מיט עלפאַנט־אויערן, אַ קאַרק ווי ביי אַ שור־הבר;
מיט אויגן קעלבערנע, פון וועלכע ס׳קוקט אַרויס דער תם;
מיט קלעצלדיקע הענט, וואָס הענגען אָן אַ תכלית . . . סתם . . .
אַ לענגלעכער קירבעס־קאָפּ, אַרומגעוויקלט, ווי אַן אתרוג,
מיט מאָכיק־וויכע, קרייזלדיקע רויטע האָר.
— פון איין משפּחה . . . און ווי אַנדערש, ווי פאַרשיידן גאָר!
זי האָט בטחון אָבער: — ער וועט זיין אַ תכליתדיקער . . . כאָטש
ער האָט אַ מאָפּסעוואַטן פּנים און זעט אויס צו זיין אַ תם . . .

דער יינגערער, נאָך היימין, איז שוין גאָר אַן אַנדער סאָרט:
איז פּונקט דער היפּוך... אָט, ווי גאָר קיין ברידער ניט,
איז הויך און דין, און זשוואַווע ווי אַ יעגער־כאָרט,
מיט שוואַרצע בלישטשענדיקע אַפּלען, הינטער וועלכע ס׳גליט
אַ כיטרע פייערל . . . אַ זשעדנער רצון צו פאַרזשערענען די וועלט.
פון קינדהייט אָן האָט ער אַרויסגעוויזן אַזאַ זשעדנעקייט,
אַ פיבערדיקע תאוה צו פאַרדינען . . . מאַכן געלט, געלט!
נאָך „פּובליק־סקול״ פלעגט ער „פאַרבייסן״ ערשט דעם טאָג
מיט שטיין מיט אָוונט־צייטונגען, ביז שפּעט ביינאַכט,
ביים שוועל פון „סאַבוויי״ אויף דילענסי־קלינטאָן־ראָג;
ניט פוילן זיך, פאַרטאָג, צו שלעפּן אויף די פינצטערע,
געדרייטע טענעמענט־טרעפּ דעם ״בוטשערס״ שווערן קויש,
פאַנאַנדערטראָגנדיק די בלוט־פאַרשמירטע פּעקלעך פלייש.
ער שעמט זיך ניט. ביי אים איז גאָר קיין בושה ניט פאַראַן.
אַמעריקע! . . . ס׳איז ביזנעס, ביזנעס! און פון פּיליפּן
וועט זיין, אם־ירצה־השם, אַמאָל אַ כיטרע „ביזנעס־מאַן״.

דער יינגסטער, אוירוויננ, שניידט זיך אויף אַ שאַרפן „ספּאָרט״:
קען לויפן, שפּרינגען, פויסטלען זיך . . . דער עיקר — שפּילן ״באָל״.
ער קען זיך לאַנג שוין מיט דעם „קעפּטן״ פון דעם „פאָרדהאַם־טים״.
ער האָפט אַליין צו זיין אַ ״קעפּטן״ פון אַ „טים״ — אַמאָל.

בן־ציון דער טויבער איז אַ גוטער מבין אויף אַ טשאַד . . .
ער וויי̇סט ביי זיך אין האַרצן וואָס ער פירט מיט זיך
אַרויף צום פאַרם. ער נאַרט לחלוטין זיך ניט אָפּ:
— פון זייער הילף קאָן טאַקע ווערן האַרט דער קאָפּ.

וואָס קאָן ער אָבער טון, אַז מיכל האָט זיך איינגערעדט,
אַז דאָ איז זי באַוואָרנט מיט די זין . . . פאַרפאַלן . . . מאַך?!
זי פּרואווט זיי אויסבאַהאַלטן, ווי די קוואָקע אירע הינדעלעך,
בשעת איר דאַכט זיך, אַז דער שפּאַרבער טשאַטעוועט אויף זיי פון דאַך . . .
זי האָט אין גאַס, אין „גראָסערי־סטאָר״, אין „בוטשער־שאָפּ״ אַליין געהערט,
אַז אַלע, די וואָס וואוינען אויפן לאַנד, באַאַרבעטן די ערד, —
וועט „אַנקל סעם״ פאַרקוקן און ניט נעמען זיי אין דינסט . . .
אַזוי־אַ טראַכטנדיק האָט ער דערזען פון ווייט זיין נייע היים;
דעם שטאַל ביים שפּיץ פון בערגל, צווישן ביימער, אויסגעטאָן,

האַלב נאַקעט פון דעם האַרבסט . . . דאָס שטיבל קוקט אַראָפּ אויף אים
ניט דרייסט . . . דערקענט, ווייזט אויס, דעם וואָגן מיט די פערד,
און שטויסט זיך אָן : די פרעמדע, נייע באַלעבאַטים שלעפּן זיך
פון שטאָט צום פאַרם אַרויף מיט דעם געדרייטן זיי־נאָך־פרעמדן שליאָך.

ווי ס׳האַרץ האָט אים געזאָגט. אַ מייל צי אַנדערהאַלבן פון זיין פאַרם,
האָט זיך געטאָן אַ לאָז אַראָפּ אַ רעגן — שטייף,
ווי סטרונעס אויף אַ פידל אָנגעצויגן, נאָר סקאָסנע־קרום.
אַ בליץ, אַ האַרבסט־פאַרשפּעטיקטער, האָט ווי אַ גילדענער שלשלת
אין לופטן זיך געטון אַ דריי. אַ דונער האָט געטון אַ ברום,
אַ קנאַל און זיך צעשרויטלט אין די נעפּלדיקע בערג אַרום.

— אַ סימן־מזל, — טראַכט בן־ציון, און טוט אַ לאַשטשענדיקן שמיץ די פערד.
דער וואָגן, ווי אַ שאַרפער אַקער, שניידט אַריין זיך אין דער נאַסער ערד.

— אַ סימן־מזל, — טרייסט זיך מינדל, און זי דעקט זיך איבער מיט אַ זאַק
כדי ניט ווערן נאַס . . . נאָר אין דער אמתן האָט זי געמיינט
זיך אויסבאַהאַלטן, אַז מען זאָל ניט זען ווי זי וויינט.

## ווינטער אין די „קעצקיל־בערג״

אַרויסגעוויזן האָט זיך טאַקע, אַז דער היימי טויג זיך אויס . . .
ער גייט ביים אַקער נאָך מיט מער התמדה, ווי די צוויי האַרבאַטע פערד.
ער ראַיעט ווי אַ מויל־וואָרף הינטער זיך די שוואַרצע ערד.
ער קלאָגט אפילו זיך : שוין איינמאָל דיר ״כּאַדאַבעניא״!
כאַטש ווייסן, ווייסן זיי שוין גאָר דעם אמתדיקן טייטש,
וואָס מיינט אַ „ה״ אין סידור . . . נאָר, וואָס איז די פּעולה פאַרט!?
זיי האָבן ניט קיין ברעקל דרך־ארץ פאַר דער בייטש . . .

דער לאַנגער פיליפּ, — האָט די פאַרם טיף־טייער אין דער ערד.
אין משך פון די דריי חדשים, וואָס זיי זיינען אויפן פאַרם,
איז ער שוין אויסגעוועזן וואו נאָר אַ מויזן־לאָך.
אין יעדן שטעטל, וואָס געפינט זיך אין די בערג,
געאַרבעט דאָ און דאָרט אַ טאָג צי צוויי, אַ האַלבע וואָך.
איצט אַרבעט ער אין פאַלסבורג, אין אַ „פויגל־סטאָר״.
ס׳געפעלט אים. אַרבעט זיך ניט איבער און — ס׳איז „פאָן״ !

אין אָוונט, אַז ער קומט אַהיים, ווערט פול מיט אים די שטוב:
וואו נאָר אַ פויגל צי אַ חיה ערגעץ אויף דער וועלט,
איז ער אַ בעלן נאָכצוקרימען איר מיט אַלע קליפּערלעך.
און אוירווינג שטייט ניט אָפּ און העלפט אים אונטער מיטן טראָפּ . . .
מע וואָיעט און מע ראָיעט און מע קוועלט:
דער עיקר מאַכט ער נאָך, מיט אַלע פּישטשיווקעס,
דער גרינער, ברוגזער מרשעת — דער פּאַפּוגיי.
ביי מינדלען זשומעט, ווי אַ מיל, דער קאָפּ פון זייער קוויטשעריי.
בן־ציונען אַרט ניט. אים איז גוט . . . . ער הערט ניט סיי ווי סײַ!

און אוירווינג האָט, השם־יתברך, שוין אַ „טים" אַן א י י ג ע נ ע ם,
און וואו מע טוט זיך ניט אַ קער געפינט מען ספּאָרט־מכשירים אַלערליי:
געבעטע הענטשקעס, לעדערנע; בולאַוועס, מאַסקעס דראָטענע.
און מינדל ברעכט שיער האַלדז־און־נאַקן צוליב זיי.
נאָר איצט, אַזוי ווי ס'איז נאָך ווינטער אויף דער וועלט,
איז גיט ער זיך דערווײַלע אָפּ מיט „ווינטער־ספּאָרט": „טאָבאָגאַנינג".
דאָס הייסט, — זיך גליטשן מיט דעם זיצער דורך אַזאַ מין קאַרעטע,
הײַנט, — וואָס איז עפּעס וועגן גליטשן זיך אויף „סקיס"?
דאָס הייסט: זיך אָנטאָן לאַפּטשעס, הילצערנע אויף בײדע פיס,
און דווקא פונעם העכסטן באַרג מיט שניי זיך טאָן אַ לאָז אַראָפּ,
און פליען ווי אַ גאַנז, אַ ווילדער פויגל ביז — מען ברעכט דעם קאָפּ.
און פאַר אַן איבערבייט — וואַרפט מען זיך מיט האַרטע קוילן שניי —
אויף מענטשן, חיות און בהמות . . . הײַנט דאָס באַרען זיך
מיט שקצים? — „רעסלען" רופט זיך דאָס ביי זיי.
— די בערג, זאָגט מינדל, זײַנען נאָר פון אײַזן, אַז זיי האַלטן אויס
און ווערן ניט צעשאָסן פון דעם ממזרוקס געשריי . . .

נאָר שפּעט בייינאַכט, ווען דער גיהנום שלומערט אײַן,
זעצט שטילערהייד בן־ציון זיך לעבן פענצטער, וואָס אין קיך,
הויבט אויס אַ בלוילעך טעלערל אינמיטן פון אַ שויב,
און קוקט . . . באַטראַכט די ווייס־פּאַרשנייטע בערג אַרום,
וואָס בלישטשען אין דער ווייטער, קאַלטער נאַכט אַריין,
פון אונטער ווייסע שטערן, אין לבנה־בלויען שטויב . . .

די טויבקייט, וואָס אין אים, וואַכט אויף און הערט זיך אײַן
צום שטילן שווייגן פון דער בלויער נאַכט,

וואָס שלייכט זיך שטילערהייד צו אים אין האַרץ אַריין . . .
אָפּט פאַלט די בלויע ווייסקייט פון די שטומע בערג
אויף זיין געשלאָגענעם, פאַרטייעט־ברוגזן געהער,
ווי עפּעס אַ פאַרוואָרפענער, פאַרלוירענער געוויש —
אַ נאָך־קול פון אַ בלאָנזשענדיק געזאַנג, וואָס ווערט
אַלץ דינער, דינער, דינער — שפּינוועבס פּעדעמלעך . . .
די טויבקייט שפּיצט זיך אויף אין אים . . . ער הערט
דאָס גליִען פון דעם פראָסט, דאָס אָטעמען פון ווייסן שניי,
דעם קאַלטן שימער פון דער חלף־בלויער ווינטערדיקער קעלט —
ס׳טויכט אויף פאַר אים אַ נאָך ניט אויסגעבענקטע וועלט . . .

בן־ציון האָט ליב די ווייסע איינגעוויגטע שעה פון מיטן נאַכט,
וואָס גיסט צענויף זיך מיט דער טויבער שטילקייט, וואָס ער טראָגט
אין זיין געמיט — אויף זיבן ריגלען, הינטער זיבן טויערן פאַרמאַכט.

## אַ סוויששטש

דעם מאָפּסעוואַטן היימי גראַד געפעלט דאָס פאַרמעריי.
ער קלעפּט אָט ווי אַ רעגן־וואָרעם צו דער נאַסער ערד.
— אַ פאַרם? — אוודאי! אָבער ניט אַ־דאַ־אַ, אין די „קעצקיל־בערג".
ער מיינט — אַ פאַרם! אַ פ אַ ר ם! — אַן קאַרטן און אַן דאַטשניקעס.
ער מיינט אַ פופציק זעכציק אַקער לאַנד מיט טראַקטאָרס אנשטאָט פערד.

דער לאַנגער פיליפּ לאַכט זיך אויס פון היימיס קאָפּ:
דיר ווילט זיך דווקא זיין אַ גוי אין פּאַסטעלעס,
און עסן קאָרן־ברויט מיט קלייען, חזיר־פיס מיט זויער־קרויט,
און האָרעווען, במחילה, ווי אַ בלינדער אָקס?
אַ דאגה מיר! . . . ס׳איז דיין לויה . . . טו ווי דיר געפעלט.
באַגראָב זיך ווי אַ קראָט אָט־דאַ־אַ אין דער ערד.
ביסט סיי ווי סיי שוין טויט. ביסט טויט!
אַ מת . . . וואָס דאַרף ער האָבן וואוילטאָג, געלט?
„מ אָ נ י ט אָ ק ס , מ אַ י ב ו י! מ אָ נ י ט אָ ק ס"!

דער קליינער אוירווינג שטייט ביים זייט און הערט זיך איין.
ער טוט אַ שפּאַר די פינגער פון דער רעכטער האַנט אין מויל אַריין,
און לאָזט אַרויס אַ לאַנגן, הילכיקן סווישטש, אַז אַלע ווענט,
אינאיינעם מיט דער סטעליע, פאַלן שיער ניט איין.

בן־ציון, דער טויבער, האָט אפילו שוין דערהערט דעם סווישטש.
דער פייף האָט זיך אַריינגעשניטן אין זיין טויבקייט שאַרף,
ווי אַ ראַקעט אין חושך פון דער נאַכט . . . אַריינגעבויערט זיך
און אויסגעגאַנגען מיט אַזאַ מין הייזעריקן פישטשששש . . .
— וואָס ווילן זיי פון מינע יאָר!

און מינדל, ביידע הענט פאַרפלאָכטן אינעם פאַדעליק,
קוקט אָן מיט זאָרג איר טראָיקע בנימלעך און טראַכט:
— אַמעריטשקע! אַז אַלצדינג האָט אַ מויל און רעדט,
פון „ביזנעס״, פאַרמעריי, „סוקסעס״ און — געלט, געלט, געלט!
אַ קלאָג וועט זיין שוין צו קאָלומבוסעס מדינה, אַז זי וועט
חלילה ווען ניט איז פאָפּאַדיען זיך אין פיליפּס הענט.
עס וועט שוין איינמאָל זיין אַ וועלט! אַ וועלט!

בן־ציון, — אויף זיין געלעגער ליגט און ס׳נעמט אים ניט קיין שלאָף:
— צו וואָס האָט זי פאַרשלעפּט אים, ווי אַ קאַץ אַ מויז, אַהער?
געוואָלט פאַרהיטן אירע בנימלעך, אַז „אַנקל סעם״ זאָל זיי,
חלילה, נאָך ניט אויסכאַפּן ביי איר . . . צום סוף
האָט ער זיי דווקא יאָ גערופן . . . אויסבראַקירט: זיי טויגן ניט!
באשר: היימי גייט אַ קאַפּיטשקע צו שווער אים אויף דער וואָג.
אַחוץ דער מעלה זיינער, האָט ער נאָך, במחילה, פלאַכע פיס.
וואָס וואָלט שוין זיין ווען „אַנקל סעם״ הייבט לכתחילה אָן
פון היימיס קאָפּ? . . . איר איז שוין ניחא ווי עס איז . . .
און פיליפּ, ווידער, כאַפּט אים ניט אַרום דער טאַליע פונקט צום מאָס:
אים פעלט סך־הכל נאָך אַ האַלבער פיליפּ צום געוויכט . . .
און אירווינג, — אירווינג איז נאָך ניט קיין אַכצן יאָר,
און איז ניט ראוי נאָך צו האַלטן אין דער האַנט אַ ביקס . . .
דעריבער איז ער פטור און איז פריי פון טון זיין פליכט . . .
וואָלט גראָד געוואָלט „ענליסטן״ זיך . . . אוודאי! — „ספּאָרט!״
— געלויבט השם־יתברך! ס׳איז פאַראַנען אַ השגחה פּאָרט!

דער הימל כמאַרעט זיך. אַן איינציק שטערנדל, אַן אויסגעבלייכטס,
קוקט אומעטיק און ווינקט צו אים אין פענצטערל . . . אַ סוד . . .
ער מאַכט די אויגן צו און הייבט אָן איינצודרעמלען . . . דרעמלט איין:
— שמע ישראל יי אלהינו יי אחד!

## אַ אָאַזיס

פון זינט דער חלום וועגן „גיין אויף אייגן לאַנד"
האָט זיך צעשוואומען, ווי אַ רויך אין ווינט,
האָט אויך דער חלום נחמנ׳ס, וועגן ענדערן די וועלט;
פון מאַכן פאַר דער „מענטשהייט" אַ גן־עדן אויף דער ערד,
פאַרלוירן ביסלעכווייז פאַר אים דעם פריערדיקן זין . . .
האָט ער אָנגעהויבן איינצוזען, אַז דער געדאַנק, דער אידעאַל
פון בויען אַ געזעלשאַפט אויף יסודות, וואָס באַשטייען
פון — „פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט" אויף דער וועלט,
איז גאָרנישט אַזוי נאָענט ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט.
דאָס חלום בילד איז ווייט, ווי ס׳איז דער הימל פון דער ערד.
כל זמן עס הערשט די ניט פאַרגינערישע גאווה צווישן פאָלק און פאָלק,
וועט הערשן אויף דער וועלט דער רשע און דעם רשעס שווערד —
מלחמה, הונגער, נויט. און ס׳וועט ניט זיין קיין סדר און קיין טאָלק.
און נאָך האָט ער אַנטדעקט — אַ שטייגער ווי קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט
אַמעריקע — אַז ער געהערט צו אַ פאַרשטויסן און גערודפט פאָלק.

* * *

אין בראָנקסער געגנט, דאָרט וואו נחמן האָט געוואוינט,
האָט ער דערוואוסט זיך, אַז מען גרייט זיך עפענען אַ שול —
אַ יידיש־וועלטלעכע — און לערנען וועט מען צווישן דריי און אַכט,
נאָך מיטיק, ווען די קינדער גייען אַרויס פון „פּאָבליק־סקול".

די ערשטע זיצונג ווערט גערופן פונעם גרינדונגס קאָמיטעט,
אין הויז פון דאָקטער יוסף הימלפאַרב
אויף נעקסטן פרייטיק אויפדערנאַכט,
ניט ווייט פון דאָרט, וואו נחמן טאַקע וואוינט.
און דער, וואָס איז פאַראינטערעסירט
זאָל קומען זיך באַטייליקן.
האָט נחמן זיך דערוואַרט . . . ער האָט אויך שיינען מיטגעבראַכט.
אין הויז וואו די באַראַטונג איז געווען,
האָט נחמן ס׳ערשטע מאָל, פון זינט ער לעבט,
אַזאַ געשמאַקע באַלעבאַטישקייט געזען;
אַזוי פיל בילדער, אויל־געמעלדן אויף די ווענט,

אַ ביבליאָטעק — אַ גאַנצער צימער אָנגעפּראָפּט
מיט ספרים, ביכער כל׳ערליי.
און אויך די מענטשן — אַנדערע . . .
ווי עפּעס פון אַן אַנדער וועלט.
די באַלעבאָסטע, לאה הימלפּאַרב, האָט זיי פּאַר אירע געסט,
אַלס נייע פריינט פון יידישער דערציאונג פאַרגעשטעלט.
און נחמן, שיינע האָבן באַלד דערפילט זיך היימיש־אנגענעם.
די שול, האָט נחמן זיך דערוואוסט, וועט זיין אַ פּרץ שול,
אַן אומפּאַרטייאישע. געהערט ניט צו קיין שום פּאַרטיי.
דאָס איז אים שטאַרק געפעלן און ער האָט דערפילט,
אַז ער איז ניט געבונדן צו קיין שום באַוועגונג,
איז פון פּאַרטייאישע התחייבותן אינגאַנצן פריי.
אַ נייע סביבה, נייע מענטשן . . . אַלץ איז אַנדערש . . . ניי!

דערעפנט האָט די זיצונג טאַקע דאָקטאָר הימלפּאַרב,
דער באַלעבאָס פון הויז.
געמאַכט אַ פּאָר באַמערקונגען, געציילטע ווערטער בלויז.
ער שטעלט דעם רעדנער פאָר:
איך האָב דעם גרויסן כבוד פאָרצושטעלן אייך
דעם חבר ליפּע רעזניקאָוו,
באַוואוסטער שרייבער, קריטיקער און פּעדאַגאָג.
די טעמע זיינע איז —
״די יידישע דערציאונג היינט צו טאָג״.
ביים טיש האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ בלאָנדער יונגערמאַן
מיט שווערע אויגנגלעזער אויף דער נאָז,
וואָס האָבן פאַרדעקט צוויי אויגן וואַרעמע.
פאַרצויגן מיט אַ דין פאַרחלומטן טומאַן.
ביי שיינען האָט אין האַרצן עפּעס זיך געטאָן אַ וואָרף.
זי טוט אַ טאָרע נחמנען און רוימט אים איין אין אויער שטילערהייד:
איז דאָס ניט ליפּע משהלע רעזיטעס, דאָס מלמדל,
וואָס האָט געקנעלט ביי אונדז אין דאָרף?
און נחמן קוקט זיך איין, דערקענט אים באַלד,
און צעשמייכלט זיך פאַר פרייד.

ס׳איז אָבער איצטער נישט די צייט
זיך צו דערקענען צום אַמאָליקן מלמדל,
מחמת ליפּע האָט שוין אָנגעהויבן זיין געשפּרעך.

— חברות און חברים, געסט, הייבט ליפע אָן —
דער ענין יידישע דערציאונג אין אַמעריקע
איז גאָר ניט אַזוי פשוט ווי מען שטעלט זיך פאָר.
ס'איז גאָרניט אַזוי גרינג פאַנאַנדערפלאָנטערן דעם קנויל,
פון שווער פאַרוויקלטע פּראָבלעמען אין דעם נייעם לאַנד. —
אַן אָנגעשטרענגטער הערט זיך נחמן איין און טראַכט:
עס שיטן ממש פּערל זיך ביי אים פון מויל.
פאַר אים איז דאָס אַ ביסל צו אינטעליגענטיש, צו פאַרריסן הויך.
איז ניט געוואוינט צו הערן אַזאַ לשון, ווי ער רעדט,
ניט אַלעס וואָס ער זאָגט באַנעמט זיין מוח . . .
ביי אים אין „יוניע" רעדט מען גאָר אַן אַנדער שפּראַך.
מען רעדט כסדר רק פון שכירות, שטונדן, סטרייקס,
און דאָ — פון יידישער קולטור, דערציאונג, קונסט,
געשיכטע, ספר, גלות, פאָלק, תנ"ך.

ער שטרענגט זיך אָן און כאַפּט דעם פאָדעם פון געשפּרעך.
— וואָרעם, וואָס איז באָדן, ערד? . . . און וואָס איז לאַנד?
צי טאַקע איז דער אַקער וועלכער אַקערט און די האַנט
וואָס שפּרייט פאַנאַנדער פרילינגס־צייט די זריעה אויפן פעלד,
דער גאַנצער תמצית, דער עסענץ, וואָס האָדעוועט, וואָס נערט
וואָס האַלט צונויף דעם גייסט פון פאָלק און שטאַרקט זיין קיום?
און וואָס האָט אונדז דערהאַלטן ביז אַהער
שוין באַלד צוויי טויזנט וויסטע יאָר?
די גלאָררייכע קולטור, דער ספר, די נביאים!
און ווער איז דער, וואָס זאָגט אונדז,
אַז מיר האָבן ניט קיין לאַנד?
און אונטער אונדז קיין באָדן ניט, קיין ערד?
און איז דער גלויבן אונדזערער
אין קיום פון אונדזער פאָלק
דען ניט דער פאַנצער און די שווערד,
וואָס האָט באַזיגט די שונאים אונדזערע
אין משך פון די צוויי טויזנט גלות־יאָר?
בעת דער חלף פון דעם שונא איז געלעגן אונדז ביים סאַמע האַלדז,
האָט ניט דער ייד, דער קדוש, אויפן האַרץ זיך אָנגעטאָן
די ספר תורה פאַר אַ פאַנצער און געגאַנגען קעגן פיינט,
און אויף דעם שייטער, שרייענדיק „שמע ישראל",
געפאַלן מיט זיין פאַרמעט ברענענדיקער פאָן?

אַ וואָסער פאָלקס־העלד האָט געקענט אַזוי זיך מוסר־נפש זיין,
און וועלכער הייליקער מאַרטירער האָט געקענט
פאַר פאָלק און קיום מער נאָך טאָן?!

אַזוי פיל פעלקער זיינען שוין פאַרשוואונדן פון דער ערד:
פון איבערזעטיקייט, פון וואוילטאָג, געעצן דינעריי;
פון איבערטריבענער פאַרסמטער גאוה, רשעות, בלוט און שווערד . . .
און מיר? — נאָך אַלע שייטערהויפנס, האַס, פּאָגראָמען, שעכטעריי —
געבליבן זיינען, ווי אַ פאָלק . . . און נאָר דערפאַר,
וואָס מיר פאַרמאָגן אונטער זיך אַ גייסטיק־לעבעדיקע ערד!
דעם מצרים יאָך, דעם רוימערס פייער און די שווערד פון גריך,
ניט נאָר ניט פאַרטיליקט האָבן אונדזער פאָלק, פאַרקערט —
זיי האָבן אונדז געגערט, געקרעפטיקט און געשטאַרקט.
די טויט־סכנה שטאַמט ניט פון דעם אויסערלעכן פיינט,
נאָר פון דעם אינערלעכן שונא, וואָס אַ פאָלק טראָגט טיף אין זיך! —
הכנעה, יאוש, ביטול, ספקות, עצבות, קנאה, אָפּגעלאָזטקייט;
פאַרלייקענונג פון נעכטן, די ספקות אין דעם מאָרגן;
די אָפּגעלאָזנקייט . . . דער גלייכגילט צו דעם היינט.
אָט די, רבותי, זיינען אונדזערע סכנהדיקסטע פיינט.

אין גלות־בבל האָבן אונדזערע גאונים אָנגעצונדן יענעם פייער־זייל,
וואָס האָט פאַר דורות הונדערטער באַלויכטן זייער שווערן גאַנג,
אין וויסטן שפּאַניע — ווי אַ פייערדיקער אָדלער — האָט דערהויבן זיך
דער גייסט פון אונדזער פאָלק אויף פליגלען פון התלהבותדיק געזאַנג . . .
אבן גבירול, אבן עזרא, און דער ליכטיקסטער פון זיי —
רבי יהודה הלוי — דער גיגאַנט, דער דיכטער ריז פון יענער צייט!
פון אַלע וואָגלענישן — באַלד צוויי טויזנט יאָר —
פון יעדער פינצטערער און שוידערלעכער לאַנגער נאַכט
האָט אונדזער פאָלק — מיט זיך צו זיך געבראַכט —
אַ נייע טרייסט, אַ נייע האָפענונג, וואָס זאָל אונדז קרעפטיקן,
און זיין אַ נייע פעסטונג קעגן נייעם גלות וועלכער שטייט אונדז פאַר . . .
איך חזר איבער נאָכאַמאָל: — דעם רשעס פויסט,
דעם אכזרס שייטער און דעם מערדערס האַק, דעם גזלנס שווערד
האָט ניט געקענט פאַרניכטן אונדזער פאָלק, און נאָר דערפאַר,
וואָס אונטער אונדז האָט נאָכאַנאַנד געקלאַפּט
דער דופק פון אַ פרוכטבאַר, גייסטיק־לעבעדיקע ערד!

אַז ליפּע האָט געענדיקט האָט אַ רויש געטון
אַ וואַרעמע הסכמה־פּאַטשערײַ פון צענדליקער הענט.
דער עולם האָט אַרומגערינגלט ליפּען, אים געדריקט די האַנט,
און נחמן, שײנע האָבן ניט געקענט
דערשלאָגן זיך צו אים. און ערשט ביים טיש,
בשעת דער עולם איז געזעסן און געטרונקען טיי,
האָט נחמן, שײנע זיך צו אים דערקענט.
און ליפּע האָט זיך גאָר אַרומגעכאַפּט מיט זיי,
זיך נאָכגעפרעגט וואָס יעדער לאַנדסמאַן זײַנער מאַכט;
געלויבט דאָס דאָרף, די יידן, איבערהויפּט די קעסט.
און שײנע, נחמן זײַנען מיט אַמאָל
געוואָרן שטאַרק דערהויבן אין די אויגן פון די געסט.

ביים שיידן זיך האָט ליפּע נחמנען פאַרשפּראָכן, אַז אַ וואָך פון הײַנט
וועט ער זיך קומען זען מיט זײַנע אַלטע, גוטע פרײַנט.

## זכרונות

די נײַס, אַז ליפּע משהלע רעזיטעס האָט זיך אָפּגעזוכט,
אַז נחמן האָט געטראָפן זיך מיט אים, און אַז ער האָט צוגעזאָגט
צו זײַן ביי נחמנען דעם קומענדיקן פרײַטיק אויפדערנאַכט,
האָט דורך דעם שבתדיקן טאָג זיך ווי אַ בליץ פאַרשפּרייט
צווישן אַלע דאָרפס־לײַט, און אַיעדערער פון זיי —
דער עיקר הירשל, ליפּעס בעסטער תלמיד פונעם דאָרף —
האָט מיט די נײַס זיך זייער שטאַרק דערפרייט.

און רעדנדיק אַזוי זיך וועגן ליפּען, האָט זיך מיט אַמאָל געטון אַ וואָרף
אַריבער — אויף דער גאַנצער ברייט פון דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן —
אַן אויסטערלישער רעגנבויגן און פאַרוואַנדלט זיך
אין איין כהרף־עין אין אַ שטראַלנדיקער בריק,
וואָס האָט צונויפגעקניפּט ניו־יאָרק מיט דעם אַמאָליקן דאָרף.
און יעדערער באַזונדער האָט, אין דמיון, זיך אַוועקגעלאָזט,
ווי טאַקע שבת נאָכן שלאָף . . . שפּאַצירן דאָרט אַהין צום ווייטן סטעפּ
מיט שטילע שבתדיקע טריט אַן אומעטיקער, אַ פאַרחלומטער.
געשפּאַנט פּאַמעלעך מיט דער רעגנבויגן־בריק
און אומעטיקער נאָך זיך אומגעקערט צוריק . . .

נאָר איינער האָט דעם צווייטן ניט דערציילט,
וואָס ער האָט דאָרט אויף יענער זייט פון בריק געזען,
ניט אויסגעזאָגט, וואָס ס'איז געוואָרן פון דער מיל,
און פון דער אַלטער קרעטשמע לעבן שטילן טייך,
און וואָס עס איז דאָרט מיטן דאָרף געשען . . .
וואָרעם יעדערן באַזונדער האָט זיך זייער ניט געגלוסט
דערציילן דאָס, וואָס יעדער איינער האָט סיי ווי געוואוסט.

די דאָרפסלייט האָבן אָנגעשטרענגט געוואָרט און זיך דערוואָרט.
אַ זייגער האַלב נאָך אַכט אין דעם באַשטימטן פרייטיק אויפדערנאַכט,
האָט ליפּע אָנגעקלאַפּט אין נחמנס טיר: — אַרייַן!
אַז ליפּע האָט באַוויזן זיך האָט יעדערער זיך אויפגעשטעלט,
זיך אויפגעכאַפּט, ווי עפּעס פאַר אַ גאַסט, וואָס פאַלט אַראָפּ
פון הימל, פון אַ ווייטער, פרעמדער אויסגעטראַכטער וועלט.
אַן אויגנבליק איז יעדערער געשטאַנען שטום, אים אָנגעקוקט,
ווי גרויס, ער איז פון קאָפּ ביז פיס באַטראַכט:
— דער זעלבער ליפּע משהלע רעזיטעס, אָבער אַנדערש פאָרט.
די ערשטע האָט יוכבד איינגעשטעלט זיך מיט אַ וואָרט:
— וואָס מאַכט איר, מיסטער ליפּע? . . . אוי, אַ דאַנקען גאָט!
די אַלע יאָרן דאָ געווען אין שטאָט
און זיך ניט נאָכגעפרעגט? . . .
די פּאָר געציילטע ווערטער האָבן אויפגעמאַכט
ביי יעדערן באַזונדער דאָס פאַרשלאָסן מויל.
און ס'האָט געטאָן אַ שאָט פאַנאַנדער זיך
דער אויפגעדרייטער, ענגער קנויל
פון ווערטער, ווערטלעך, שטאַמלענדיקע רייד,
און אַלעמען אַרומגענומען האָט אַ אומעטיקע פרייד.
דאָס רירנדיקסטע איז געווען בשעת דער תלמיד, הירשל, אַ פאַרפאַליעטער,
האָט מיט זיין רבין, ליפּע משהלע רעזיטעס, זיך אַרומגעכאַפּט.
דער רבי האָט זיין תלמיד צוגעדריקט צום האַרצן, זיך צעקושט,
אַרומגענומען און אין פּלייצע נאָכאַנאַנד געקלאַפּט.
אַ פּאָר מאָל אָפּגעשטופּט פון זיך און מיט פאַרליבטע אויגן
פון קאָפּ ביז פיס אים אָפּגעמאָסטן, גוט באַטראַכט:
— ווי ס'האַרץ האָט מיר געזאָגט . . . איך האָב געוואוסט . . . —
און ליפּע האָט זיך מיט אַ וויינענדיקן קול צעלאַכט.

ערשט זיצנדיק אַרום דעם טיש האָט יעדערער דערפילט זיך פריי.
פאַרגעסן, אַז דאָ זיצט פאַר זיי אַ „מיסטער" ליפּע רעזניקאָוו,
נאָר פּראָסט און פּשוט: — ליפּע משהלע רעזיטעס פון אַמאָל.
און בער, וואָס איז געקומען צוליב ליפּען אַזש פון פאַרם,
האָט רעדנדיק מיט אַלעמען אין קאָן
זיך פון דער העלער הויט דערמאָנט,
ווי ליפּע האָט זיך איינמאָל האַלבע נאַכט
פון בעט אַרויסגעכאַפּט און זיך גענומען פאָרען מיט דעם סאַמאָוואַר:
באשר אים האָט זיך געחלומט, אַז דער פּריסטאַוו איז פאַרפאָרן אומגעריכט...
— איך הער אַ טומל, כאַפּ זיך אויף — ערשט ליפּע שטייט,
אין האַנט אַ כאַליעווע און בלאָזט פאַנאַנדער דעם געפּוצטן סאַמאָוואַר.
פון קוימען שלאָגט אַ רויך, עס פליען רויטע פונקען זשאַר.
קיין חידוש ניט: געוועזן איז דאָס אינמיטן ווינטער... אינעם יאָר ?־?־?־
כ׳געדענק שוין ניט... נאָר ס׳איז געוועזן אין יענעם מוראדיקן ווינטער,
זאַווערוכעס, קעלטן, פרעסט... די נאַכט איז דאַן געווען
אַ ווייסע... ליכטיק ווי אינמיטן טאָג.
און די לבנה, ווי אַ מילשטיין... אפשר דריי מאָל אַזוי גרויס.
און יעדער שטערן, ווי אַ קולאַק סטאַרטשעט פון דער נאַכט אַרויס.
— וואָס טוסטו, ליפּע, פרעג איך אים... אינמיטן נאַכט?
— איר זעט ניט, מאַכט ער, כ׳זיד אויף טיי... דער פּריסטאַוו דאָ...
— אַוואָסער פּריסטאַוו?! בוידעם, לאָקש!... גיי שלאָפן, נאַר!
וואָס טויג אייך ברייען, ער האָט נעבעך אָנגעטאָן צוריק דעם שטיוול
און אויסגעלאָשן שטילערהייד דעם סאַמאָוואַר.
דער עולם לאַכט און ליפּע לאַכט מיט אַלעמען אין קאָן.

יוכבד האָט זיך גאָר אַ שיין טשיקאַווע מעשהלע דערמאָנט,
ווי ליפּע איז פאַרטאָג אַרויסגעפאָרן רייטנדיק צום סטעפּ:
דער „פאַן" גאָראלניק, וועלוול טאַטקעס האָט געדונגען אים,
אַז ער זאָל אים באַשטעלן פויערים צו די בוראַקעס אין פעלד.
אין אַ שעה אַרום, מיין ליפּע לויפט אַריין ניט טויט ניט לעבעדיק,
עס טרייסלען אים זיך הענט און פיס, איז ווייס אָט ווי די וואַנט:
אים האָט זיך אויסגעדאַכט אַז עמעץ יאָגט אים נאָך,
לויפט הינטער אים מיט ווייכע אָבער גיכע טריט.
— אַ דאָמאָוויק... אַ מת... צי אַ מכשפה, גאָט באַהיט!
אַ קוק טון הינטערוויילעכס האָט ער מורא, ציטערט ער:
ווער ווייסט, וואָס ער קען דאָרט אַזוינס דערזען?!

איז ער מישב זיך און טרייבט פאַנאַנדער ערשט דאָס פערד.
צעיאָגט זיך — פייל אויס בויגן . . . פליט גאַלאָפּ, גאַלאָפּ.
ערשט ביי דער זייט פון פערד באַמערקט ער, עס לויפט
אַ לאַנגע זאַך מיט עפּעס אַ משונה׳קן לאַנגן קאָפּ.
ערשט לעבן בריק שטעלט פּלוצים דאָס פאַרזעעניש זיך אָפּ,
טונקט איין דעם לאַנגן קאָפּ אין וואַסער, באַברעט זיך,
און שלעפּט אים באַלד אַרויס צוריק . . .
איז וואָס זשע מיינט איר איז דאָס פאַרט?
ס׳איז ניט קיין דאַמאָוויק, קיין מת,
סך־הכל פאַן בענעדיקס אַלטער כאָרט!

די מעשה איז אַזוי געווען:
די דינסט האָט אויסגעשלאָגן פּוטער און געלאָזט
די מאַסניצע מיט דער סאַראָוועטקע אין דרויסן פאַר דער שוועל.
דער קלוגער כלב האָט ווייזט אויס דערשמעקט
די וואַרעמע סאַראָוועטקע און האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ
און ניט געקענט במחילה אים אַרויסשלעפּן צוריק,
און דאָ האָט ער דערהערט די טריט פון ליפּעס פערד.
האָט ער גענומען יאָגן זיך נאָך אים . . . ס׳איז אים באַשערט,
אַז ליפּע משהלע רעזיטעס זאָל אים ראַטעווען פון טויט.
אַ חיה, פּונקט להבדיל ווי אַ מענטש, האָט שכל און פאַרשטייט,
אַז אין אַ נויט קען אויך אַ מענטש
רחמנות האָבן אויף אַ גאָטס באַשעפעניש . . .
און, אַז דער כלב האָט דערהערט
דאָס וואַסער גאָרגלען זיך אונטערן בריק,
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ
אינאיינעם מיט דער מאַסניצע אין טייך אַריין,
און אַז די מאַסניצע האָט אָנגענומען זיך מיט וואַסער און געוואָרן שווער,
האָט ער אַ שלעפּ געטאָן דעם קאָפּ און זיך באַפרייט צוריק . . .
דער עולם האָט געשמאַק געלאַכט.

## ל א ה

אין אַ שיינעם זומערדיקן זונטיק אינדערפרי
האָט ליפּע מיטגענומען הירשלען, לויט זיי האָבן אָפּגערעדט
און זיך אַוועקגעלאָזט צו דאָקטער יוסף הימלפאַרב.
אים גראָד געטראָפן איינגעשפּאַרט ביי זיך אין קאַבינעט

מיט עפּעס אַ צופּעליקן, אַ ניט דערוואַרטן פּאַציענט.
פאַר הירשלען איז דאָס גראָד געווען אַ מעלה: ער האָט צייט געהאַט
דערוויַיל זיך איינצוהיימישן, באַטראַכטן אויף די ווענט
די פאַרבנרייכע בילדער און באַמערקן אונטער יעדן בילד
דעם נאָמען פון דעם מאַלער וועמען ער האָט ניט געקענט . . .
משער אָבער איז ער זיך, אַז לויט די שווער באַגילטע ראַמען אַרום זיי,
געהערן זיי אוודאי צו די באַרימטע מייסטער־מאַלער אין דער וועלט,
און יעדער אויל־פאַרב איז אוודאי ווערט אַ — שלל מיט געלט.
ער דרינגט דערפון, אַז דאָקטער הימלפאַרב מוז זיין אַ מענטש
פון גוט אַנטוויקלטן געשמאַק און ס'שאַדט ניט זיין געשפּאַרט
בשעת מע רעדט פון קונסט עניינים מיט אַן איבעריקן וואָרט . . .
אַז דאָקטער הימלפאַרב האָט אויפגעמאַכט די טיר
פון קאַבינעט איז הינטער אים אַרויס
אַן אַלטע אידענע, אַ ברוינע ווי אַ באָקסער מיט אַ האָרב,
וואָס איז געווען ווי אַ דודלזאַק די גרויס.
דער דאָקטאָר האָט איר לאַטשענדיק געגלעט דעם האָרב און זי געטרייסט:
גייט, באַבעניו, געזונטערהייד און דאגהט ניט . . . עס מאַכט ניט אויס . . .
און אַז די זקנה האָט מיט דריבנע טריטעלעך אַרויסגעשפּאַנט,
האָט ער צו ליפּען אויסגעשטרעקט אַ חברישע האַנט,
אים היימישלעך באַגריסט. — איר ווייסט ווי אַלט די זקנה איז?
אוודאי מער ווי מיר דאָ אַלע דריי אינאיינעם זיינען אַלט.
אַ קיילעכיקער הונדערט באַלד.
דערנאָך האָט ער צו הירשלען אויסגעצויגן ביידע הענט:
און דאָס זייט איר — דער יונגער פּיל־פאַרשפּרעכנדער פּאָעט.
מיר גייען שוין . . . אָט דאָס איז דאָך מיין וואַרשטאַט בלויז.
אָט דאָ ניט וויַיט . . . דער צווייטער ראָג איז אונדזער הויז.

אין טיר האָט זיי באַגעגנט לאה הימלפאַרב,
אַ הויכע, שלאַנקע שיינע פרוי, מיט אויגן גרינלעך־בלוי,
געקרויזטע האָר, וואָס זיינען, קענטיק, אין דער יוגנט שוין געוואָרן גרוי,
וואָס דאָס האָט צוגעגעבן איר אַ מין עקזאָטישקייט, אַן אויסטערלישן חן.
און כאָטש זי איז געווען אַ מאַמע שוין פון היפּש דערוואַקסענע צוויי טעכטערלעך
איז זי געווען עלאַסטיש, בויגזאַם, רירעוודיק און מיידלש שיין.
צוערשט האָט זי מיט ליפּען וואַרעם־היימיש זיך באַגריסט,
דערנאָך האָט זי צו הירשלען אויסגעשטרעקט אַ ווייס געטאָקטע האַנט,
געמאַכט אים אויפן אָרט אַ קאָמפּלימענט: — איך זע שוין . . . ניט אומזיסט
האָט חבר ליפּע אייך אַריינגעלויבט אין טאָג אַריין.

מיר דאַכט, ווי איר וואָלט מיר שוין לאַנג געווען באַקאַנט . . .
פון לאהס קאָמפּלימענט האָט הירשל זיך פאַררויטלט שטאַרק.
ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַרויסגעשטאַמלט קוים:
עס פרייט מיך זייער צו באַקענען זיך מיט אייך.
איך פיל זיך שוין, ווי איך וואָלט זיין ביי זיך אין ד'רהיים.

דער דאָקטאָר האָט די געסט אַריינגעפירט צו זיך אין ביבליאָטעק,
געבעטן זיצן און אַ פרעג געטאָן: — איר רויכערט? קען איך אייך
טראַקטירן מיט אַן אויסגעצייכנטן ציגאַר.
אַ שיינעם דאַנק אייך, האָבן ביידע אָפּגעענטפערט מיט אַמאָל.
דער דאָקטאָר האָט זיך פון דעם ניט האַרמאָנישן דועט צעלאַכט. דערפאַר
וועל איך אייך טראַקטירן מיט אַ גוט ביסל סקאָטש,
אַן אויסגעצייכנטער רעצעפּט! דאָס סטימולירט דאָס בלוט . . .
וואו ביסטו לאהשע? . . . מיר טרינקען צו די געסט לחיים!
דערלאַנג זשע צום פאַרבייסן — הערינג, קעז, קאַוויאַר.
געזען די לעצטע לידער אייערע אין „אונדזער שריפט".
אָט ווי איר קוקט מיך אָן האָב איך אין מיינע יונגע יאָר געפּרואווט,
געטרוימט צו ווערן מיט דער צייט אַ יידישער פּאָעט.
כ'האָב אָבער איינגעזען, אַז איך וועל ניט זיין
קיין ביאַליק אָדער כאָטש אַ מאָריס ראָזענפעלד.
איצט שרייב איך — נאַרישע רעצעפּטן . . . הייל אַ קראַנקע וועלט . . .
ער האָט אַ שטילן זיפץ געטאָן און אָנגעפילט די גלעזלעך.
— לחיים! — מאַלע וואָס עס איז געווען . . . — ער האָט זיך אויפגעשטעלט,
אַרומגענומען הירשלען און אים צוגעדריקט צו זיך: איך האָב אייך ליב!
כ'בין אייך מבטיח . . . איר וועט זיין אַ גרויסער יידישער פּאָעט!
פרוי הימלפאַרב לייגט צו אַ פינגער צו איר רעכטן שלייף
און טוט אַ וואונק צו ליפּען, שמייכלענדיק, ווי איינער רעדט:
דאָס רעדט אַרויס פון אים דער סקאָטש . . . אַן איבעריקער כוס . . .
זי הייבט זיך אויף, גייט צו צום סטיינוויי און ס'דערהערט זיך באַלד
דאָס אומעטיקע ליד פון ראָבערט שומאַן — ט ר ו י מ ע ר י י .
ביי הירשלען שווימט דער קאָפּ . . . עס זינגט אין אים דאָס בלוט.
אים דאַכט זיך לאה פלאַטערט ווי אַ שמעטערלינג אַריבער אים.
זי פלאַטערט אין אַ קרומען קרייז און שוועבט פאַרביי . . .
און עפּעס ווי פון צווישן הויכע בערג דערקלינגט צו אים
אַ ציטערדיקער ווידער־קול — ט ר ו י מ ע ר י י . . .

די נאַכט האָט הירשלען זיך געשלאָפן שלעכט,
האָט מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט .
געזען צעריסענע חלומות, שטיקלעך, אָן צוזאַמענהאַנג,
געהערט אַ דין־דין קוים דערהערעריש געזאַנג,
געזען ווי ס׳שוועבן דורך דער בלויקייט פון דער נאַכט
געשטאַלטן — פרויען נאַקעטע דורך נעפל־שיטערלעכן בלענד,
אין דין דורכזיכטיק ווייסן טיול געהילט,
אָן אויסמיש — אָרעמס, שולטערן, בריסט און לענד,
ווי שווימענדיקע, דרימלענדיקע ווייסע שוואַנען אין אַ קרייז
אַרום אַ ווייס־לבנהדיקן קאָפּ, וואָס שפּיגלט זיך
אַרויס פון אַ פאַרנעפּלט בלויען טייך.
זיי הוידען זיך און טוקן זיך
און ווערן נעלם איינציקווייז.

אַז הירשל האָט זיך אויפגעכאַפּט
איז שוין געווען ווייסער טאָג.
אין מזרח האָט דער הימל זיך געשטרייפט
אין גאָלד און רויט.
צווישן צוויי גערדיכטע שורות זעגנט
האָט רויכערדיק געברענט
די זון ווי אַ פאַרשטיקטער קנויט.
אין גאַס, אויף די, פון נאַכט נאָך פייכטע, טראָטואַרן
האָבן אָפּגעהילכט די ערשטע איילנדיקע טריט
און זיך צעשאָטן, ווי געדיכטער שרויט
אויף דורכגעזשאַווערט בלעך —
געפאַלן קאַלט אויף זיין געמיט,
ווי שווערער האָגל אויף אַ קאַרשנבוים
אין ערשטן צוויט . . .

## אַ ר מ י ס ט י ם

פון בערן הערט מען לעצטנס נישט קיין גוטע נייס.
דער אָטעם איז ביי אים געוואָרן קורץ און שווער,
די פיס — ווי קלעצער . . . ער דערשלעפּט זיי קוים,
ער הוסט דאָס האַרץ פון זיך אַרויס און שלאָפט ניט דורך די נעכט.
אלקנה וואָלט גענומען אים צו זיך . . . וואָס וואָלט אים זיין דאָ שלעכט ?
וואָרעם בער באַדאַרף ניט אָנקומען צו קיינעם, גאָט באַהיט.

יוכבד וואָלט אים צוגעזען, געפּילנעוועט, געשטעלט אים אויף די פיס.
עס וואָלט אים גאָרנישט ניט געפעלט, איז — וויל ער ניט!
ער וויל נאָך וואַרטן ביז עס ענדיקט זיך דער קריג:
אויב עלעק לעבט, וועט ער זיך יאַוועז מן הסתם צוריק.

ווי ס׳האַרץ האָט אים געזאָגט. געהאָפּט און זיך דערוואַרט.
אין איינעם אַ נאָכמיטיק, אין אַ שיינעם טאָג,
האָט אים אַ שכן זיינער — גראָד אַ קריסט —
געבראַכט די בשורה — „אַ ר מ י ס ט י ס!"
דערביי, כדי דער ייד זאָל אים פאַרשטיין . . .
האָט ער אַ שטרעק געטאָן דעם אָרעם אין אַ פּאָזע ווי מע שיסט,
געטאָן אַ קנאַק וואויל־יונגעריש מיט דער צונג
און אויסגעשריען אויף אַ קול: — „טהעיר עינ׳ט נאָ וואָר!"
מיט פּייכטע אויגן האָט אים בער באַדאַנקט
און מיט אַ הייזעריקן קול כדי צו זיכער זיין
אַ פרעג געטאָן: — „נאָ מאָר? נאָ מאָר"?
דער שכן האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס דער אַלטער מיינט,
אַ פּאַטש געטאָן דעם ייד אין פּלייצע מעשה פּאַניבראַט
און צוגעשריען לאַכנדיק: — „באַי־באַי . . . דזשערוזעלעם!"

ביי בערן האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ פון אומעט און פון פרייד:
וואָלט ער געהאַט אַ יידן לעבן זיך וואָלט ער זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ.
נאָר גיי! כאָטש נעם און טענה צו די ווענט.
און בער האָט זיך דערמאָנט: דערנעבן וואוינט אַ ייד
אַ פּאַרמער, כאָטש אַן אונגאַר, אָבער פאָרט אַן אייגענער.
און כאָטש דער אונגאַר וואוינט שוין דאָ פון לאַנג
האָט ער זיך ערשט מיט אים באַקענט.
און בער הייבט אויף די שווערע פיס און נעמט דעם שטעקן אין דער האַנט
און לאָזט זיך צו דעם שכן טריט ביי טריט.
ער שלעפּט זיך מיט דעם קרום געדרייטן שליאַך
ביז ער דערזעט ווי ס׳לייכט זיך פון דער ווייט
דער שיין ווי אַ צעשטראַלטע האַנט שטרעקט אויס זיך צו דעם דאַך
און טונקט זיך אין דעם רויך וואָס קויקלט זיך פון קוימען צו דער ערד.
און בער דערקענט דאָס הויז. געדענקט ער אָבער ניט דעם נאָמען פון דעם ייד.
ער וועט זיך שוין דערוויסן דאָרט . . . וואָס איז דער אונטערשיד!

געטראָפן האָט ער די משפחה זיצנדיק ביי וועטשערע.
זיי האָבן זיך מיט אים דערפרייט . . . געבעטן זעצן זיך צום טיש.
פון באַלקן הענגט אַראָפּ אַ לאָמפּ, וואָס פלאַקערט מיט אַ יום־טובדיקן פלאַם.
די באַלעבאָסטע טראָגט אים צו אַ גלאָז מיט הייסע טיי
און פרעגט אים מיט אַ ווייניק שמייכעלע: קאַ ציטרין ווילט עץ ניש?
דעם אויסדרוק ציטרין הערט ער איצט צום ערשטן מאָל.
ער ווייסט ניט וואָס דאָס איז אָזוינס סיי ווי
און ענטפערט איר: עס מאַכט ניט אויס . . . אַ דאַנק.
ער האַלט דאָס הייסע טיי־גלאָז צווישן זיינע הענט.
שוין לאַנג, אַז ער האָט ניט געפילט אין טיי אַזאַ געשמאַקן טעם.
ער דריקט דאָס טיי־גלאָז, ווי ער וואָלט האַלטן צווישן ביידע הענט
דעם ברייטן ים מיט אַלע שיפן וועלכע שווימען איצט אַהער . . .
אים דאַכט זיך, אַז דער לאָמפּ האָט ערשט לכבוד אים
זיך יום־טובדיקער, פריילעכער צעברענט: אַ שמחה אויף זיין קאָפּ!
אים צוגעקומען נאָך אַ שאָטן אויף די ווענט:
אַ פרעמדער ייד, אַן אורח מיט אַ לאַנגער ברייטער באָרד.
דער באַלעבאָס, כדי צו אָנהאַלטן דעם שמועס,
דערמאָנט זיך און ער זאָגט: אַ דאַנקן גאָט! דערלעבט זיך פאָרט!
איצט וועלן מיינע זין אם ירצה השם זיך אומקערן אַהיים.
מיר האָבן קיין עין־הרע דראַ אין אָנקל סעמס אַרמיי.
און איך, באַרימט זיך בער, האָב איינעם קיין עין־הרע ניט.
אַ בחור, ווי אַ הויכער, שיינער סאָסנע בוים.
די באַלעבאָסטע גיסט אים אָן אַ צווייט גלאָז טיי
און מאַכט באַרימעריש: אַ דאַנקן גאָט מיר האָבן נאָך אַ באָי
און טעכטער קיין עין־הרע . . . מיידלעך גאַנצע צוויי.
דער אַלטער הייבט די אויגן אויף און קוקט זיי אָן:
צוויי דיקע מוידן, אויסגעפּאַשעטע, ווי טעלעצעס
מיט בריסט, ווי ראָשטשענעס צעיורענע.
— ווי טראַכט איר, — ווענדט ער זיך צום באַלעבאָס
מיט אַ תחנונימדיקן, פאָרשנדיקן בליק:
— מע קען דערוואַרטן זיי אין גיכן אין דער היים צוריק?
דער ייד פאַרמאַכט דאָס רעכטע אויג, ווי ער וואָלט רעכענען:
ציט אונטער אַ סך־הכל: — כ׳ווייס . . . סאַ וואַטער וועג . . .
ער מאַכט דערביי אַ וואַזשע מינע פון אַן ערנסטן סטראַטעג,
דערלאַנגט אַ שטרעק פאַנאַנדער אַ פאַרהאָרעוועטע ברייטע האַנט
און וויזט אים אָן: — עץ ווייסט דאָך. דאָ אינמיטן ליגט דער ים.

אויף דער זאַט — דאַטשלאַנד . . . ענגלאַנד אין דער מיט,
און דאָ ערשט—ליגט אַמעריקע. דראַ טויזנט מייל נאָך מיט אַ שמיטשיק מן הסתם.
— כ׳פאַרשטיי . . . — טוט בער אַ ברום, — פונדעסטוועגן ווי לאַנג אַן ערך פאָרט ?
דער באַלעבאָס פאַרמאַכט דאָס צווייטע אויג און קוועטשט אַרויס :
דאָס ווענדט זיך וואו דער פלאַט שפּאַרט אַן . . . ביי וואַסער פאָרט.
— כ׳פאַרשטיי, — מאַכט בער . . . ווי צוויי מאָל צוויי איז ניין.
דער חשבון שטימט . . . ער האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות און ער טראַכט :
אַ כשרה בהמה אָט דער ייד . . . עס ווערט אים שווער דאָס זיצעניש.
ער הייבט זיך אויף און טוט אַ וואָרטשע אונטערן נאָז : — אַ גוטע נאַכט.

## אַ ר ע ט ע נ י ש

דער דאָקטער הימלפאַרב באַמערקט אַמאָל צו לאהן :
דער הירשל איז פאַר מיר אַ רעטעניש. ס׳איז שווער מיר אים פאַרשטיין.
זעט אויס, ווי אַ פאַרבלאָנזשעטער, וואָס קען זיך ניט געפינען.
ער וויל הנאה האָבן פון דער וועלט און — קען זיך ניט פאַרגינען . . .
איך פּרוּאוו אים מיט די טעכטער אונדזערע דערנעענטערן . . . באַקענען . . .
זיי קענען דאָך מיט זייער בליק, מיר דאַכט זיך אויס, אַ וועלט פאַרברענען,
און ער, פאַרגליווערט . . . אייז . . . פאַרפרוירן ווי דער ים־הקרח.
אַ יונגער בחור — בלוט און מילך — און אַלט, ווי מתושלח !
און דו אַליין ביסט מלא־חן . . . און ווייט פון זיין אַ זקנה . . .
צעלאַכט זיך לאה אויף אַ קול : — הער אויף, דו, חונף איינער !
— איך שווער דיר, לאהשע, איך חנפה ניט. איך מיין דאָס אָן ליצנות.
ער וויל זי טאָן אַ קוש . . . נאָר זי, זי גלויבט אים אויף נאמנות.
— קען זיין, מאַכט לאה מיט אַ שטיל קאָקעטישן געלעכטער,
אַז ער איז גאָר אין מיר פאַרליבט און נישט אין דיינע טעכטער !
— עס קען געמאָלט זיין, טייערסטע ! און הימלפאַרב צעלאַכט זיך :
אַזוינע זאַכן טרעפן זיך . . . שוין אָפט פאַסירט . . . עס מאַכט זיך !
דאָס לעבן איז אַ שפּיל פון סיבות, חידות, מענטשלעכע געמיטער.
ביי לאהן עפּעס טוט אין האַרץ אַ צאַפּל זיך, אַ ציטער . . .
אַ פאָר מאָל טאַקע שוין באַמערקט, ווי הירשל אָפט באַנעמט זיך . . .
בשעת זיי בלייבן אויג אויף אויג . . . פאַרפלוטעט זיך, פאַרשעמט זיך,
און ווייסט ניט וואו אַהינצוטון די הענט, די שעמעוודיקע אויגן.
דאָס פנים זיינס ווערט כל׳ערליי קאָלירן . . . ווי דער רעגנבויגן . . .
און זי דערמאָנט זיך הירשלס ליד, וואָס ער האָט לעצטנס פאַרגעלעזן.
בעת ער איז ביי זיי אין הויז — אַ וואָכן צוויי צוריק — געוועזן.

עס איז אין איר געדעכעניש, דערמאָנט זי זיך, אַ פערז פון ליד פאַרבליבן
ער האָט דאָס ליד, האָט ער דערציילט, ערשט לעצטע נאַכט געשריבן:
— דער מויער איז פאַרשלאָסן און איך קום
מיט ליידיקן . . . איך האָב ניט וואָס צו ברענגען
און קלאַפּן — טאָמער עפנט ער זיך ניט!
וועל איך זיך פאַר דיין טויער הענגען! הענגען!
און לאה וואָס האָט דאַן דאָס ליד ניט איבעריקס פאַרשטאַנען
האָט ערשט געגומען שטויסן זיך . . . גענומען זיך דערמאָנען . . .

## אַ דעמב איז געפאַלן

אויף דעם, וואָס בער האָט מיט אַזאַ מין זשעדנעקייט געוואַרט איז ניט געשען.
פון עלעקן האָט ער קיין שום ידיעה ניט געהאַט.
מען ווייסט ניט וואָס פון זיין געביין אפילו איז געוואָרן.
האָט ער פאַרקויפט זיין פאַרם, גענומען ס׳ביסל הינטערוועש,
דעם טלית און תפילין און צוריק אין שטאָט אַריינגעפאָרן.

ביי מלכהן, ביי די זין אַ קעסט־קינד ווערן — וויל ער ניט.
האָט קוים מיט צרות אים יוכבד איינגערעדט, אַז ער זאָל גיין צו זיי . . .
קענסט זיין ביי אונדז, ווי לאַנג באַר דו אַליין וועסט וועלן.
מען וועט דיך אויף קיין קייט ניט האַלטן חס־ושלום . . . גאָט באַהיט,
אויב די פּאַטראָוועס מיינע וועלן דיר, חלילה, ניט געפעלן.
— איך קען שוין — שמייכלט בער — יוכבדלס מאכלים: — סם־המות.
יוכבד האָט הנאה, וואָס דער אַלטער טרייבט מיט איר קאַטאָוועס,
נאָר זען זעט זי פּאָרט, ווי בער גייט איין . . . ער צאַנקט . . .
וואַקסט ממש אויף צוריק . . . ווערט קליין און איינגעבויגן.
דערהערט ניט אַז מע רעדט צו אים און קלאָגט זיך אויף די אויגן.
און אַז ער רעדט, פאַרגעסט ער וואָס ער האָט אין זין געהאַט צו זאָגן.
— פאַרשטייסט, יוכבד, — קלאָגט ער זיך — דאָס עסן דיינס איז טאַקע טעם גן־עדן,
וואָס קומט אָבער אַרויס . . . די אויגן זיינען גרעסער פון דעם מאָגן . . .
כ׳געדענק מען פלעגט זיך טאָן אַ זעץ צום טיש,
געמאַכט דעם אמתדיקן קידוש . . . פאַרביסן מיט דעם פיינעם ביסל רעטעך
צעריבן דין, באַפּרעסטלט מיט דעם פיינעם געגנזשמאַלץ,
דערנאָך — די אמתדיקע שיסל באָרשטש . . . אַז ניט,
איז פאַר אַ נויט אַ שיסל מיט רעטשענעם קוליש,
און באַלד נאָכדעם — אַ פאַלימיסיק רעטשענע וואַרעניקעס מיט קעז.
קיין אַפּעטיט חלילה האָט אונדז קיינעם ניט געפעלט.

און שבת נאָכן טשאָלנט, אַז מע האָט זיך צוגעשפּאַרט אַ קאַפּיטשקע . . .
און מ׳איז נאָך אַלע אָט די דאָזיקע שירייִם
אויפגעשטאַנען, איז דאָס טאַקע נאָר געווען אַ נס מן השמים!
יוכבד שמייכלט אומעטיק: — נו, מאַלע, וואָס עס איז געווען — פאַרגעס!

אין האַרבסט, בעת די מוטנע רעגנס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן, האָט בער
זיך צוגעכאַפּט צום בעט און שוין ניט אויפגעשטאַנען מער . . .
אויף יעדנס פּנים האָט זיך אָנגערוקט אַ שווערע, כמאַרנע זאָרג.
אלקנה האָט געזען באַשיינפּערלעך, ווי בער גייט איין, ער צאַנקט,
ער לעבט אויף צוגעציילטע טעג געשאָנקענע . . . ער לעבט אויף באָרג . . .
און, אַז דער ערשטער שניי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף ניו־יאָרק,
האָט בער אַרייַנגערוקט דעם קאָפּ אין פענצטער און אַרויסגעברומט:
איך האָב הנאה פון דעם שניי . . . עס קוועלט אין מיר דאָס האַרץ.
אַ דאַנקן גאָט, וואָס איך האָב נאָך דערלעבט צו זען דעם ווינטער, ווי ער קומט.
ער האָט צוריק דעם קאָפּ אין קישן איינגעגנורעט און די אויגן האַלב פאַרמאַכט.
דער שאָטן פון דעם לאָמפּ, וואָס האָט געפלאַטערט, ווי אַ פלעדערמויז
אַנטקעגן איבער אויף דער מרה־שחורהדיקער וואַנט,
האָט צוגעלייגט דעם אויער צו דער שטילקייט און זיך איינגעהערט,
פאַרנומען די מחשבות, וואָס דער חולה האָט ביי זיך אין האַרץ געטראַכט:
— פאַר וועמעס ערד האָט עלעק דאָס זיין בלוט, דאָס ממזריש, פאַרגאָסן?
דער זייגער האָט אַ קרעכץ געטאָן, אַרויסגעכאָרכלט אַ פאַרשטיקטן קלאַנג.
דער קראַנקער האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צום געלן ציפּערבלאַט,
די אויגן צוגעמאַכט . . . דאָס פּנים מיט דער באָרד האָט מיט דעם שניי,
וואָס אויף די דעכער, מיט דער ווייסקייט זיך צונויפגעגאָסן . . .
ער האָט געטאָן אַן עפן אויף דאָס מויל, אַרויסגעלאָזט אַ הייזעריקן קריי,
די אויגן אויסגעגלאָצט און לאַנגזאַם זיי פאַרשלאָסן . . .

אלקנהס הויז איז פול מיט איינגעהויקערטע געשטאַלטן. אויף די ווענט
און דער סטעליע — שאָטנס פון געקנוילטע הענט . . . צעפלעקטע קעפּ און בערד.
דער שניי אין דרויסן פלאַטערט אויף די פענצטער און דערמאָנט
אין עפּעס אַ פאַרוואָרפן לאַנד, אַ ווייטע היימיש־פרעמדע ערד:
אַפנים קיין זאַך אין דער וועלט פאַרבינדט ניט אַזוי ענג
דאָס אָפּגעשיידטע לעבן פון דעם סודותדיקן טויט,
ווי דער געקרייזלט־גרויער פאָדעם פון אַ רויכערדיקן יאָרצייט־קנויט . . .
די דאָרפס־לייט האָבן פלוצים זיך דערמאָנט אָן קבר פון דעם אַלטן יאָס,
די קברים פון דער פרומער סימען, פון דער קלוגער מומע דבורהן.

זיי אַלע רוען אין ווייטער, היימיש־פרעמדער ערד. עס פאַלט אויף זיי
ווי איצטער אויף די דעכער פון ניו־יאָרק — דער זעלבער שניי . . .
פון איינעם און דעם זעלבן הימל, וואָס די האַנט פון גאָט
האָט אויסגעשפּרייט אויף דעם אַמאָלדיקן ווייטן דאָרף,
פאַלט אויך אַצינד דער ווייסער שניי אויף אַלע דעכער פון דער שטאָט
נ י ו ־ י אָ ר ק !

## נחמנס בייזער חלום

דער טויט, וואָס האָט אַראָפּגעהאַקט דעם אַלטן דעמב, געמאַכט אַ סוף
צו בערס געמאַטערט לעבן, האָט די דאָרף־משפּחה שטאַרקער נאָך פאַרקניפּט;
דערנעענטערט צווישן זיך, צענויפגעטריבן זיי, צעשראָקענע —
אַ שטייגער, ווי אַ וואָלף אַ הונגעריקער טרייבט צענויף,
אין ווילדן סטעפּ אַן אויסגעשפּרייטע טשערעדע מיט שאָף.
אפילו דזשערי סאָמערסאָלט, וואָס פלעגט זיי רופן „גרינים", „קאַיקס",
האָט אויך אין שאָטן פון דעם טויט די דאָרפס־לייט בולטער דערקענט
און אויסגעשטרעקט צו זיי אין רחמים זיינע יענקיוואַטע הענט.
ער איז אפילו שוין געוועזן ביי נחמנען אין הויז צו גאַסט
און ביי יוכבדן געגעסן פרייטיק אויפדערנאַכט געפילטע פיש.
נאָר רופן זיי צו זיך אין הויז אַריין און עפענען פאַר זיי זיין טיר,
האָט ס'האַרץ אים ניט דערלאָזט . . . געשעמט זיך פאַר די זייניקע.
פונדעסטוועגן איז אים נוגע פאַרט צו וויסן וואָס איעדער טוט,
מיט וואָס באַשעפטיקט ער זיך, וואָס ער האַנדלט, ווי אים גייט . . .
האָט מיט אַמאָל דערפילט, אַז אָט די פרעמדע זיינען זיינע אייגענע,
אַז ער געהער זיך אָן מיט זיי — זיין אייגן פלייש און בלוט.
אפילו אָנגעבאָטן נחמנען צו ווערן זיינער אַן אַגענט —
פאַרקויפן ריעל־עסטייט . . . און קאָלעקטירן פאַר אים רענט.
האָט נחמן אים באַדאַנקט: ער פילט אַז ער וועט זיך ניט טויגן פאַרן „דזשאבּ",
ער האָט בדעה גיין אַליין אין „ביזנעס" . . . פאַר זיך אַ געשעפט.
האָט דזשערי אָנגעבאָטן אים צו העלפן מיט אַן עצה און מיט געלט,
און האָט געהאַלטן וואָרט: האָט אויפגעזוכט פאַר אים אַ „כשר" רעסטאָראַן,
אין בראָנקס, וואו ס'וואוינען יידן און מען דאַרף קיין ענגליש ניט . . .
און וועגן געלט זאָל ער ניט דאגהנען . . . . . ס'אַ קלייניקייט.
ער וועט אים באָרגן ווי פיל ער באַדאַרף און אָן פּראָצענט . . .
האָט נחמן זיך געשלאָגן מיט דער דעה, זיך געיישובט — יאָ צי ניט.
צום סוף האָט ער באַשלאָסן: — אפשר איז דאָס פאַרט אַ פּלאַן.
און נחמן איז געוואָרן אין אַ מזלדיקער שעה אַ „ביזנעס מאַן".

אין רעסטאָראַן, ווי ליאַלקעס שטייען אַזעלכע טישלעך צוויי,
מיט צינגלעך מעשענע אַרויסגעשטעקט . . . אַז ווער עס לייגט אַרויף
אַ ניקל און דערלאַנגט אַ שטופּ אַריין, טוט גלייך אַ שפּרונג אַרויס
אַזאַ מין ווייסע גאַלקע ווי אַ געגנזן איי און ס׳טישל גיט אַ שפּיי,
אַ פליוך אַרויס אַ גאַנצע זשמעניע ניקלס מיט אַ בראַזגעריי —
פאַרשטייט זיך די, וואָס אַנדערע שלימעאַזלניקעס
האָבן דורכן גאַנצן טאָג, און דורך דער נאַכט, פאַרשפּילט.
— אָט דאָס אַליין, פאַרזיכערט דער פאַרקויפער אים,
באַצאָלט אים די רענט און לאָזט נאָך איבער אַ פּאָר סענט.
אַנטקעגן שטייט אַזאַ באַנדורע, וואָס פרילישעט דיר דעם קאָפּ.
דו וואַרפסט אַריין אַ ניקל און דו טוסט אַ דריק אַ קנאָפּ,
צעגאָרגלט ער זיך מיט אַזאַ געשריי, אַז דו פאַרגעסט
זיך צוצוהערן צו דעם טעם פון די מאכלים, וואָס דו עסט,
וואָס דאָס באַצאָלט דיר פאַר דער „לעקטרע״, פאַר די געז,
און ס׳פאַלן דיר אַרונטער אַ פּאָר דאָלער נאָך אין קעשענע.
ווען נחמן זאָל נאָך לאָזן שפּילן פּאָקער, פינאקל, ביינאַכט, —
וואָלט ער שוין גאָר נתעשר געוואָרן און וואָלט „פּלענטי״ געלט געמאַכט.
נאָר נחמן איז אים מוחל אָט די גליקן און פאַרענטפערט זיך:
אַ מענטש איז דאָך אַ מענטש און ניט קיין פערד. וואו נעמט מען כוח!
און אגב דאַרף אַ מענטש, אַ „ביזנעסמאַן״, אַמאָל דאָך שלאָפן אויך?

דאָס געשעפט ווערט איינגעטיילט אַזוי: — אויף שיינען פאַלט די קיך.
אויף נחמנען — די קעלנערקעס, די טישן און די קאַסע . . .
ס׳געשעפט איז אָפן זיבן טעג אין וואָך. פון זעקס ביז איינס ביינאַכט.
די אַרבעט, חוץ די הויפּט דריי מאָלצייטן פון טאָג, איז גאָרניט שווער.
דערפאַר איז אָבער גרינג דער סענט... גייסט צו צום „רעגיסטער״ און נעמסט!

ביי שיינען זיינען שוין די פיס געשוואָלן ווי די פּערענעס.
פון רוקן נאָכאַנאַנד די טעפּ די הייסע זיינען איר די הענט,
ווי שישקעס קאָרענע . . . דאָס פּנים, ווי אַן אָפּגעקאָכטער ראַק.
און נחמן איז געוואָרן מאָגער, ווי אַ כאָרט.
די ביינער סטאַרטשען אים אַרויס פון אונטער דעם פּיזשאַק,
ווי שפּיצעכדיקע פלעקער פון אַ לעכערדיקן זאַק.

אַ זייגער האַלב נאָך צוועלף הייבט נחמן אָן פאַרמאַכן דאָס געשעפט.
פאַרלעשט די לאָמפּן און פאַרשליסט די טיר . . . פאַר אַ גוט אויג.
לאָזט איבער נאָר אַ לעמפּל, ווי אַ יאָרצייט־ליכט,ביים רעגיסטער.

ער ציילט דעם פּדיון פונעם טאָג און שיינע שטייט דערביי און נאָגט:
— נו, וואָס וועט זיין דער תכלית? וואָס וועט זיין דער סוף?—
נאָר נחמן שוויגט און ציילט . . . ער טאָר ניט מפסיק זיין:
ער קען זיך נאָך פאַרפּוטיען אין דער מיט
און דאַרפן בעמען ציילן גאָר פונסניי.
און אים גייט אויס דאָס חיות צו אַנטלויפן פון דעם הקדש
און אַרויס אין דרויסן אויף דער פריי . . .
נאָר שיינע נאָגט אים מיט אַ וויינענדיקן תחינה־קול:
— איז וואָס וועט זיין, נחמן? ס׳מוז דאָך זיין אַ סוף! —
ביי נחמנען נעמט מישן זיך אין קאָפּ . . . ער פּוטיעט זיך . . .
ער בעבעט עפּעס, ווי ער וואָלט גערעדט פון שלאָף,
און אַז ער ענדיקט אַ צעטומלטער און וויים ניט וואו ער האַלט,
דערלאַנגט ער בייז אַ קער דעם קאָפּ און עפנט אויף דאָס מויל,
נאָר, אַז ער טוט אַ קוק אויף שיינען, רייסט זיך אָפּ ביי אים דאָס האַרץ:
דאָס פּנים שיינעס — פינצטער ווי די נאַכט,
אַרום די אויגן גרויסע רעדער, ווי די פּאָקרעשקעס
פון אויוון שוואַרץ.
פון שטערן, ביי די שלייפן הענגען ווי ביי אַ דערטרונקענעם אַראָפּ די האָר . . .
ער שנורעוועט צענויף די ליפּן, ווי אַ קינד וואָס וויל צעוויינען זיך,
און טוט אַ שיס אַרויס:—פאַרקויפן! אונטערצינדן עס! צו אַלדע שוואַרצע יאָר!

פאַר פּסח האָט געיאָוועט זיך אַ קונה אויף זיין רעסטאָראַן.
האָט אָפּגעשניטן נחמנען אַ פּאַלע, ווי עס דאַרף צו זיין.
די ערשטע זאַך וואָס נחמן האָט באַשטימט צו טאָן איז תיכף־ומיד
אַוועק צו דזשערין און אים סילוקן דעם חוב . . . באַדאַנקען אים.
אַז ער האָט אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דזשערין האָט ער זיך געווענדט
צו שיינען און געזאָגט: — אויס כלה און צוריק אַ מויד . . .
מיר זיינען נקי . . . זאָל זיך דאַכטן, אַז מיר האָבן אָפּגעברענט!
איז אָפּגעווישט די ליפּן . . . פּתח־שין — שאַ!
ני בולאַ או מיקיטע ראָשע, — אי — נעמאַ!*)

*) ביי מיקיטען איז קיין געלט געווען און ס׳איז נישטאָ (אוקראַיניש פאָלקס־ווערטל).

## פ י ל י פ  ש פ י ל ט  ש אַ ד

מיט פּיליפּן האָט דזשערי שוין געהאַט אַ סך מער מזל, ווי מיט נחמנען.
דער יונגער פּיליפּ האָט אין משך פון אַ חודש צוויי געכאַפּט דעם שניט.
צוערשט האָט ער זיך צוגעקוקט צו דזשעריס אַגענטן אַרום זיך.
בטבע האָט ער פּיינט צו גיין אין יענעמס איינגעשטעלטע טריט.
צום אָנהייב איז געזונטער, טראַכט ער, צו קאָפּירן אַנדערע און זען . . .
מען טאָר אויף זיך ניט שטעלן צופיל איידער וואָס און ווען.
און פּיליפּ האָט געלערנט מיט התמדה יעדן דריידל, קונץ און „טריק".
און איז אַ „פּראָספּעקט" שוין אַריינגעפאַלן אין זיין נעץ אַריין,
האָט ער אים שוין אַזוי אַרומגעשפּינט, אַרומגעוועבט,
אַשטייגער, ווי די כיטרע שפּין, וואָס כאַפּט אַריין די בלודנע פליג.
דער „פּראָספּעקט" האָט זיך שוין פון זיינע הענט ניט אויסגעדרייט . . .
און ביי די שבתדיקע זיצונגען, וואָס דזשערי האָט אין אָפּיס איינגעפירט,
וואו ער פלעגט מדריך זיין די „סיילסלייט" זיינע מיט קלוגע רייד,
פלעגט פּיליפּ אָפּט אים דינען פאַר אַ מוסטער, אַ מאָדעל פאַר זיינע לייט . . .
די „סיילסלייט" פלעגן פּיליפּן מקנא זיין, און מהאי טעמא פּיינט געהאַט.
פאַר פּיליפּן איז אָבער ניט גענוג, וואָס דזשערי האַלט פון אים:
— וואָס טראַכט זיך אָט דער דזשערי, דער בולוואַן!
ער מיינט, אַז ער וועט זיין אים דאָס גאַנצע לעבן אַ לאַקיי?
און אַרבעטן פאַר נישטיקן געהאַלט . . . און שפּעקולירן אויף פּראָצענט?!
אָט זאָל ער נאָר אַ ביסל זיך באַפעסטיקן,
וועט ער שוין לערנען בלק מיט דעם וויסטן „קרוק",
ער וועט זיך ניט באַנוגענען מיט ברעקלעך סתם,
וואָרעם פּיליפּ איז שוין גאָר קיין טפּש ניט . . . ער האָט אַ וויטן קוק . . .
צום ווינציקסטנס אַ גלייכער שותף צום געשעפט, אויב ניט, וועט ער אַליין
זיך עפענען אַן אָפּיס און אינגיכן ווערן דזשערי סאַמערסאַלטס אַ קאָנקורענט . . .

דערווייל איז פּיליפּ דזשעריס סאַמע רעכטע האַנט . . .
גיט אַכטונג אויף די מיידלעך וועלכע אַרבעטן ביי דזשערין אין געשעפט,
פאַראַדקעוועט, שטעקט אומעטום אַריין זיין ניוכענדיקע נאָז.
אַז דזשערי פאָרט אַמאָל אַוועק — בלייבט ער דער במקום־באַלעבאָס.

די מיידלעך האָבן פאַר אים מורא און חנפענען זיך צו אים.
און פּיליפּ, וואָס בטבע איז קייןביישן ניט . . . דערלאַנגט אַמאָל אַ טאַפּ . . .
פאַר וואָס ער קריגט אַ קלאָמפּערשדיקן פּאַטש, אַ שטיפערישן קלאַפּ.

פונדעסטוועגן איז איינס דאָס אַנדערע מקנא, מחמת פיליפּ ווייזט אַרויס
צו איינער מערער עזות איידער צו דער אַנדערער . . .
דער עיקר זיינען זיי מקנא גרייסי מיולער מיט דעם בלאָנדן קאָפּ.
ער פּאדעט אַרום איר כסדר . . . שענקט איר שאָקאָלאַדע, נעמט זי אויס . . .

און פיליפּ איז אַ מבין, מחמת גרייס איז חנעוודיק און שיין.
איז הויך און שלאַנק. פאַרמאָגט צוויי גרויסע, בלויע אויגן ליכטיקע;
צוויי רויטע ליפּן — ניט געפאַרבענע — צוויי שורות פּערלדיקע ציין,
און אַז זי שמייכלט זיך פאַנאַנדער, איז די שיקסע מלא־חן!
ער קויפט איר אָפט אַ שאַכטל באָן־באָנס, אַ קאָרסאַזש, אַ פלעשעלע פּאַרפום.
ער שפּילט עס שאַך . . . טוט יעדעס מאָל אַ ביסל נעענטער אַ רוק
דעם מלך צו דער מלכה . . . מחמת פיליפּ האָט אַ ווייטן קוק . . .

האָט איינמאָל שיר געוואונען, נאָר צום סוף גאַנץ עקלדיק פאַרשפּילט.
ער האָט זי איינמאָל איינגעלאַדן אין אַ רייכן רעסטאָראַן,
אין אַ געהויבענעם אַריסטאָקראַטישן האָטעל אויף ריווער־סייד,
באַשטעלט אַ סעפּעראַטן צימער, מיט אַ מאָלצייט — קאָניאַק, סקאָטש און וויין.
און אַז דאָס האַרץ זיינס איז געוואָרן זאַט . . . די תאוה הייס צעשפּילט,
איז ער צו גרייסין צוגעשטאַנען ווי אַ קלעק . . . דער בחור האָט געמיינט . . .
האָט גרייסי אים דערלאַנגט אַ פייערדיקן פּאַטש און זיך צעוויינט.
האָט פיליפּ אָפּגעווישט דעם פּאַטש פון באַק . . . דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט;
דערפילט אין זיך אַן איבערקערעניש — רחמנות מיט חרטה אויסגעמישט.
ער האָט זי לייכט, מיט צערטלעכקייט אַרומגענומען, זי געפּיעשטשעט, געטרייסט,
אַרויסגעשלעפּט פון טאַש דאָס זיידן טיכל און
די טרערן פון די בלויע אויגן אויסגעווישט.
און אַז ער איז צומאָרגנס אינדערפרי אַריין אין אָפיס האָט ער זיך געהיט . . .
אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד די אויגן שטום כדי פאַרמיידן גרייסיס בליק.
נאָר גרייסי האָט אים אָפּגעשטעלט, אים שמייכלענדיק באַגריסט:
העלאָ טהעיר! „שיק״!
פון גרייסיס „שיק״ האָט פיליפּן דאָס לשון אָפּגענומען. ער האָט טיפער נאָך
אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד און גאָרנישט ניט געזאָגט.
דעם גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ.
אין האַרצן האָט אים די חרטה נאָכאַנאַנד געגנאָגט.

פאַרנאַכט, אַז גרייסי האָט פאַרלאָזט דעם אָפיס אויפן וועג אַהיים,
איז ער איר נאָכגעגאַנגען שטילערהייד און שטילער נאָך אַרויסגערעדט:
דו ביסט אַ מלאך, גרייסי, און איך בין אין דיר פאַרליבט!

דער מלאך האָט אַראָפּגעלאָזט די גרויסע אויגן צו דער ערד.
זי האָט פאַרשטאַנען זיין חרטה, האָט דערשפירט דעם אמת אין דעם בחורס רייד.
נאָר ס׳האַרץ איז איר געווען שווער און איר געמיט באַטריבט.

אַ נייע זאָרג פילט אָן דאָס האַרץ פון פיליפּן:
ווי זאָגט מען עס דער מאַמען, אַז ער איז צום טויט פאַרליבט,
האָט ליב אַ שיקסע . . . און דאָס פּוסטע בחורל האָט מיט אַמאָל דערפילט
דעם טיפן אָפּגרונט, דעם תהום, וואָס צווישן אים און גרייסין ליגט.
ווי זאָגט מען טאַטע־מאַמע, אַז ער האָט געשפּילט אַ שאַך, —
דערפירט דעם מלך צו דער מלכה און געוואונען און — פאַרשפּילט . . .

צו גרייסין זאָגט ער איינמאָל, זיצנדיק מיט איר אין פּאַרק:
דו ווייסט דאָך . . . ס׳איז קיין סוד ניט, אַז איך בין אַ ייד
און דו געהערסט ניט צו מיין פאָלק. פאַר אונדז אַליין
איז אפשר ניט קיין גרויסער אונטערשייד.
איז יעזוס דאָך אַליין — דיין האַר און גאָט — געווען אַ ייד.
דו האָסט דאָ קיינעם ניט און איך האָב טאַטע־מאַמע, קרובים, ווי דו ווייסט.
נעם אָן מיין גלויבן, ווען אפילו נאָר לפנים פאַר דער וועלט.
דו קענסט ביי זיך אין האַרצן דינען צו דיין גאָט
לויט ווי דו פילסט, ווי דו פאַרשטייסט, ווי דיר געפעלט.
און גרייסי ענטפערט אים: צי ווילסטו כ׳זאָל פאַרראַטן זיך אַליין,
מיין אָפּשטאַם און מיין פאָלק און זייט ביי זייט —
דעם פרינץ, מיין האַר, און נאַרן גאָט און לייט?
איך גיב אַ נדר דיר — איך וועל ניט שטיין דיר אין וועג.
קענסט דינען גאָט, דיין גאָט, לויט די מנהגים פון דיין פאָלק.
און איך מיין האַר אין שטייגער פון מיין קירך און טעסטאַמענט.
איין גאָט האָט אונדז צענויפגעפירט, צענויפגעבראַכט,
האָט ער, דער גאָט, וואָס איבער אונדז געוואוסט דאָך וואָס ער טוט,
און דו אַליין האָסט ערשט געזאָגט, אַז יעזוס, דער געקרייציקטער,
איז דאָך אַ זון פון דיין געפייניקט פאָלק, און אונדזער בלוט!

פון צווישן די געדיכטע צווייגן פון דעם בוים, וואָס האָט געשאָטנט איבער זיי
האָט ס׳ליכט פון דער לבנה שטיל אַראָפּגעשאָטן אַ געמיש פון קאַרשן־צוויט
און שניי,
אויף צוויי צענויפגעקלאַמערטע, אין ציטערניש באַהעפטע הענט;
אויף הערצער צוויי, וואָס האָבן איינגעפלאַכטן אין אַ דאָרן־קראַנץ געברענט.

און פיליפּ טראַכט: — זי קען איר גאָט . . . געהאָרכזאַם צו איר טעסטאַמענט.
און איך, איך האָב מיין גאָט דאָך קיינמאָל נאָענט ניט געקענט,
איז ווי . . . פונוואַנען זיינען אויסגעוואַקסן צווישן איר און מיר
אַזעלכע הויכע, מוראדיקע, דראָענדיקע, סטראַשנע ווענט ?!

אַז מינדל האָט דערוואוסט זיך וועגן פיליפּס קנס־מאָל,
אַז ער גייט חתונה האָבן מיט אַ שיקסל, אַ דער רוח ווייסט ווער,
האָט זי אָוועקגעחלשט אויפן אָרט.
בן־ציון האָט פּלוצים ווי צוריק געקראָגן דאָס געהער,
געוואָרן הערנדיק . . . דערפאַר איז ער געוואָרן שטום,
האָט ניט געקענט אַרויסברענגען פון מויל קיין איינציק וואָרט.
די צונג ביי אים אין מויל איז ווי אַ מילשטיין שווער.
נאָר הערן הערט ער, ווי די ווענט, דער באַלקן וויינען אויף אַ קול,
צעהוידען זיך און יאָמערן אַלץ העכער, העכער אויף אַמאָל.

יוכבד און אלקנה האָבן זיך דערוואוסט פון פריער נאָך
און זיינען באַלד אַוועק צום ברודער אויף דער פאַרם.
יוכבד מונטערט מינדלען, רעדט איר אויס דאָס האַרץ:
— דו קענסט ניט פיליפּן! . . . עס וועט נאָך ווערן אויס!
אַריין אין אים אַ קליפּה, אַ כאנדרא, ניט דאָ געדאַכט.
דער טייוול איז נאָך גאָרניט אַזוי שוואַרץ . . .
וועט זיך באַרעכענען, חרטה האָבן . . . ווי זיין שטייגער איז.
דו קענסט אים ניט? . . . ס'איז אים דאָס ערשטע מאָל? . . .
נאָר מינדל הערט און נעמט ניט אָן יוכבדס טרייסט,
זי צעוויינט זיך ערשט פונסניי און יאָמערט זיך פאַנאַנדער אויף אַ קול.

האַלב נאַקעט, אין די זאָקן לויפט בן־ציון אַרום, ווי אַ פאַרסמטע מויז.
ער שפּאַנט פון איין וואַנט צו דער אַנדערער אַרום די גאַנצע נאַכט אין הויז,
בלייבט שטיין אַ רגע און באַטראַכט די שאָטנדיקע וואַנט,
טוט מעשה זעלבנער זיך אַ דריי אַרום און שפּאַנט און שפּאַנט.
דערמאָנט זיך אָן דעם אַלטן יאָס, זיין טאַטן, אָן דער מאַמען,
אָן מומע דבורה און אָן עלקען, עלעקן . . . ער קען ניט משיג זיין:
וואו איז דאָס עלעק, און וואו איז אַהינגעקומען זיין געביין?
און בער — אָט אַקאָרשט וואָס . . . האָט ער די מידע גלידער אויסגעשטרעקט,
דאָס גראָז האָט אויף זיין קבר נאָך דאָס בערגל ערד אפילו ניט פאַרדעקט!
רבונא דעלמא כולה ווי ס'איז יעדער איינציקן אָן אַנדער אָרט באַשערט!

און איצטערט — פיליפ, פיליפ . . . און ער, בן־ציון אַליין?
פאַרשאָלטן וועלן זאָל די פינצטערע מרשעת, די ליגנערישע ערד!

ער שטעלט זיך פּלוצים אָפּ אַנטקעגן נאַכט־לאָמפּ אויפן טיש,
וואָס זעצט זיך, גוססט, טשאַדעט מיט אַ שטינקעדיקן רויך.
— פונוואַנען ווייסטו, ממזר איינער, וואָס איך טראַכט?
דער לאָמפּ דערשרעקט זיך, טוט אַ פינטל מיטן אויג:
— וואָס בינדסטו זיך צו מיר, וואָס טענהסטו צו מיר?
דו זעסט דאָך, אַז איך קען ניט . . . ס'איז נישטאָ קיין קעראָסין!
בן־ציון בויגט אָן דעם קאָפּ און שטעקט אַריין כמעט די נאָז
אין גלעזל פון דעם לאָמפּ, נעמט אָן אַ פולן מויל מיט אָטעם און דערלאַנגט אַ בלאָז:
— נישטאָ, איז דאַרף מען ניט! איז אויס, איז אויס!
דער קנויט פון לאָמפּ טוט מיט אַמאָל אַ פלאַקער אויף און לעשט זיך אויס.
די פינצטערניש אין צימער ווערט מיט איין מאָל, ווי די מדבר גרויס . . .

די פינצטערניש האָט אַלע ווענט, ווי אויסגעמעקט — פאַרמעקט.
געבליבן זיינען נאָר די פענצטער און די דרויסנדיקע נאַכט.
דער דרויסן מיט דעם חלל פון דעם צימער האָבן איינס דאָס אַנדערע
דורך די בלויע פאַרטויטע פענצטער זיך די אָרעמס אויסגעשטרעקט,
אַ ווייטע ווייטקייט האָט זיך פאַר בן־ציונען מיט אַמאָל אַנטפּלעקט,
און פאַר די אויגן אים די היים די ווייטע אויפגעדעקט . . .
ער שפּאַנט צוריק אַהיים אַלץ ווייטער, ווייטער אין דער ווייטעניש אַוועק.
אַוועק, אַוועק, אַוועק . . .

## ד ע ר ר י ס

די שאַרף פון ערשטן ווייטיק האָט זיך אין בן־ציונען עטוואָס אָפּגעטעמפּט.
און מינדל האָט אפילו שוין געגאַרט, געבענקט
צו זען די דאָזיקע, וואָס פיליפּ וועט אין גיכן נעמען פאַר אַ ווייב.
זי האָט דערמאָנט זיך אָן דער מוטער רבקה . . . זי געדענקט
פון חומש, אויף עברי־טייטש, וואו ס'שטייט געשריבן דאָרט:
„און די קינדער האָבן זיך געשטויסן אין איר לייב . . ."

בן־ציון און מינדל האָבן זעלטן צווישן זיך גערעדט
פון זייער אומגליק און דעם נאָמען פיליפּ — ניט דערמאָנט.
ס'איז סיי ווי סיי געווען פאַרפאַלן שוין . . . צו שפּעט!
דאָס פּאָרל האָט גענומען „חופּה וקידושין" ביי אַ ריכטער לויטן דין . . .

באַזעצט זיך אין אַ שטעטל ערגעץ נאָענט פון ניו־יאָרק.
און פיליפּ האָט אַליין געעפנט זיך אַ „ריעל־עסטייט" געשעפט.
די תאווה און די זשעדנעקייט צו מאַכן געלט און ווערן רייך
האָט זיך אין אים נאָך מער ווי ווען עס איז צעברענט.
ער וויל, אַז גרייסין זאָל ניט פעלן קיין זאַך אין דער וועלט:
דורך אַלע שטורעמווינטן וועט ער טראָגן זי אויף זיינע הענט.
דאָס שענצטע און דאָס בעסטע, וואָס מע קען דערוויזן נאָר מיט געלט
וועט ער פאַר אירעטוועגן קויפן. איר פאַרגיטיקן פאַר אַלץ . . .
נאָר גרייסין איז דאָס ניט געפעלן אָפט . . . איר שטאַרק געקרענקט.
— איך בעט דיך, פיליפּ, ליבער, רייס ניט איין די וועלט.
דו קענסט צו טייער נאָך אַמאָל באַצאָלן פאַר דערפאַר.
גאַנץ אָפט האָט זי אים אָפּגעשלאָגן . . . אים דעם וועג פאַרשטעלט
פאַר צו געוואַגטע שפעקולאַציעס אָפט פאַרבונדן מיט געפאַר . . .
ווי ס'האַרץ האָט איר געזאָגט: כסדר איז דער מענטש געווען
פאַרדרייט מיט לאַדענישן, זיך געמשפט מיט דער גאַרער וועלט.
געמאַכט די גלענצנדסטע געשעפטן, ספעקולירט און איינגעשטעלט
און שטענדיק האָט אים רק געפעלט צו די מסחרים זיינע געלט . . .
און, אַז גרייסי האָט געבוירן אים דאָס ערשטע קינד — אַ זון,
האָט ער געטאָן אַ נדר, אַז זיין ערשט געבוירענער, זיין בכור,
זאָל זיין אַ ניט צעפערטלטער, ווי ער, זיין פאָטער, — נאָר אַ גאַנצער מענטש . . .
אַן ערלעכער — אַן אַדוואָקאַט . . . נאָר ניין! אַ דאָקטאר איז קאַראַנטער פיל.
אַן אַדוואָקאַט, דאָס ווייסט ער פון דערפאַרונג שוין, איז אָפט
אַ דריי־קאָפּ, אַ טומאַן, אַ ווינט אין פעלד, אַ פעלשער און אַ פלוט.
און פיליפּ וויל — זיין זון, זיין אייגן פלייש און בלוט
זאָל זיין אַ בראַווער מענטש, אַן ערלעכער פאַר גאָט און לייט,
אַ טרייסט פאַר די יסורים, וואָס ער האָט זיינע עלטערן פאַרשאַפט.
די איינציקע, וואָס ער פלעגט ווען ניט ווען באַגעגענען
איז היימין, אוירווינגן און ווייטער קיינעם ניט.
אפילו נחמן, הירשל האָבן זיך געהאַלטן פון אים ווייט.

בן־ציון האָט דורך דער צייט פאַרעלטערט זיך אויף גאַנצע צוואַנציק יאָר.
האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, איינגעפאַלן ווי אַן אויסגעלערטער זאַק,
אַריינגעצויגן זיך אין זיך אַריין . . . און ווייס געוואָרן ווי אַ טויב.
ער גייט אין ערגעץ ניט אַרויס. איז שטום געוואָרן ווי אַ ראַק.
זיצט גאַנצע נעכט ביים פענצטער רק און קוקט אַרויס צום גאַס.
און מינדל קלאָגט זיך, אַז בן־ציון האָט מיט די אויגן שוין
מאַזאָליעס אויסגעריבן אין די פענצטער און אויף יעדן שויב.

אַז וואויל איז אים . . . ער הערט ניט סיי ווי סיי
איז לעצטנס שוין געוואָרן גאָר אינגאַנצן טויב.

## שטערלערס ליטעראַרישע קאַפע

הירשל האַלט זיך ווייט פון שטערלערס ליטעראַרישער קאַפע,
וואו די כהנים פון דעם שרייבער שבט זיצן טעג און נעכט
און ברעכן ציין־קאַלופערלעך אַרום דעם רונדן טיש,
רכילותן און טרינקען שוואַרצע קאַווע, קאַלעמוטנע טיי.
נאָר שבת, שפּעט ביינאַכט, בשעת די שרייבער פונעם צייטונגס צעך
פאַרענדיקן די אַרבעט, זאַמלט מען זיך אויף אַרום דעם טיש.
דאָ ציט מען אונטער דעם סך־הכל פון דער גאַנצער וואָך.
עס בריאַזגעט דאָס געשיר, דאָס עס־געצייג פאַרזשאַווערט בלעך.
מע לייגט אַוועק אַ שרייבער אויפן טיש און מע צעטרייבערט אים.
דער עיקר זיינען שטאַרק באַשעפטיקט די לוויים פונעם זינגענדיקן וואָרט:
— געלייענט פּאַטאַשקינס ליד? — פרעגט איינער מיט אַ ביטול־שמייכעלע.
— ווער קען עס דען פאַרשטיין, וואָס ער שטאַמלט דאָרט?
— נו, — זעסט דאָך! . . . האָט דערוואָרבן זיך אַן אָנגעזעען אָרט
אין אונדזער פּאָעזי . . . די „יונגע" נעמען איין די וועלט.
— געהערט? — דער אַלטער „היינע" איז דאָך ווידער שוין אַוועק —
צום דריטן מאָל — פון דעם „פּראָגרעס" צום „מאָרגן אַדוואָקאַט".
וועט מן הסתם שוין מאָרגן זידלען די געגנאָסן, ווי זיין שטייגער איז . . .
— דו ווייסט, ס'טוט ווי דאָס האַרץ . . . איז פאָרט אַ זעלטענער פּאָעט!
— געוועזן! — מאַכט בלאָק — אַ בלאָנדער בחור מיט אַ גרויסן קאָפּ.
— געוועזן, — מאַכט הירשפעלד, אַ היכער יונגערמאַן מיט ברילן אויפן נאָז —
מיינט זיין! . . . מיינט איז! . . . מע מעקט ניט סתם אַזוי זיך אָפּ
די וויכטיקע דערגרייכונגען פון צענדליק שעפערישע יאָר.

אַ קורצער אָנגעצויגענער אַנטראַקט
און ס'הייבט זיך אָן דער צווייטער אַקט.

— באַמערקט ווי שאַכטמאַן חנפעט זיך צו בענדערן?
ער דינגט ביי אים . . . באַשטעלט אַ גינסטיקע קריטיק.
עס זעצט זיך אַ בוך . . . וועט באַלד אַרויס פון דרוק.
— עס וועט אים גאָרניט העלפן סיי ווי סיי. ער קען ניט. קוואַטש!
— דערפאַר וועט אים קאָלעגע שאַכט להכעיס לויבן . . . ט'וועסטו זען!

אַן אַלטער כלל: וואָס דער צעקייט און שפּייט אַרויס,
הייבט אויף דער אַנדערער פון שטויב און מאַכט עס גוואַלדיק גרויס . . .

אַן אויגנבליקלעכער אַנטראַקט
און ס׳הייבט זיך אָן דער דריטער און דער לעצטער אַקט.

אין טיר באַווייזט זיך לאַרבערקראַנץ, אַ ייִד פון מיטעלן וואוקס,
מיט שוואַרצע אויגן און געדיכטע גרוי־געקרויזטע האָר.
ער גייט פאַרביי דעם רונדן טיש און זעצט זיך אָן אַ זייט.
איז אַלעמען מבטל . . . ער באַמערקט זיי ניט — די „לאָבוסעס״.
דער טיש בלייבט שטיל אַ רגע און צעשושקעט זיך פונסניי:
— געדענקסט ווי ער האָט ערשט ניט לאַנג געברענט אַ וועלט?
— ניט אָנגעשריבן שוין קיין רעכטע זאַך . . . כ׳געדענק שוין ניט די צייט.
— פונדעסטוועגן איז ער נאָך אַלץ ביי אונדז דער גרעסטער ייִדישער פּאָעט!
— דו שרייבסט געשיכטע, וואָס? וואָס איז געווען איז — אָפּגעמעקט!
— נו, — דאָס איז שוין געבעבעט אין דער וועלט אַריין. ס׳איז סתם גערעדט! —
— האָט קיינמאָל ניט געקענט . . . אַ גראַמען־פלעכטער אַלע זיינע יאָר.
די לעצטע ווערטער טוען הירשלען וויי. ער וויל זיך טאָן אַ הייב
אַריבערגיין צו לאַרבערקראַנצן, דעם וועטעראַן, דעם אַלטן דיכטער־לייב
און זאָגן אים: איר זענט פאַר מיר, ווי פאַר די אַנדערע,
וואָס זיצן דאָרט, ווי שופטים ביי דעם רונדן, גרויסן טיש,
געוועזן דער ערשטער אַקערער, די ערשטע האַנט, וואָס האָט פאַרזייט
די ערשטע קערנער אין אַ טויטער ערד; דער ערשטער קוואַל,
וואָס האָט אַ שפּאַר געטאָן פון אַ פאַרהאַרטעוועטן באָדן, קלאָר און קיל און פריש.
און די טריט, נאָך אייך, געטראָטן האָבן צענדליקער ווי איך;
געטרונקען פון דעם שפּרודלדיקן קוואַל . . . איצט שפּייען זיי אין אים.

דער אַלטער לאַרבערקראַנץ האָט פּלוצלים אויפגעהויבן זיינע אויגן און באַטראַכט
דאָס יונגוואַרג אויסגעזעצט אַרום דעם גרויסן, רונדן יחוס־טיש,
און הירשלען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז לאַרבערקראַנץ האָט ווי דערפילט,
אַז יונגוואַרג רעדט פון אים, דערהערט אין הירשלס האַרץ די שטים,
וואָס מאָנט גערעכטיקייט, רחמנות מיטגעפיל פאַר אים . . .
ער האָט זיך אָבער ניט גערירט, געבליבן זיצן אויף זיין אָרט,
זיך צוגעהערט צו די רכילות רייד אַרום דעם רונדן טיש,
געשוויגן . . . ניט אַריינגעמישט זיך מיט קיין איינציק וואָרט.

הירשלען ווערט נמאס דאָס זיצן. ער הייבט זיך אויף פון אָרט
און גייט אַרויס אין גאַס. די לופט איז סיפּקע, קיל.
די שאָטנס פון די גרויע הייזער פאַלן אויפן אַספאַלט פייכט און שטיל.
אין מזרח נעמט שאַריען און די שטיינערדיקע שטומע שטאָט
הייבט אָן פאַנאַנדערטשוכען זיך פון שלאָף
און דאָ און דאָרט צעהוידעט זיך אַ ליידיקער טראַמוויי
מיט אַ געריש, ווי פון אַ פּוסטן, קייקלענדיקן פאַס.
פון הינטער אַ פאַרמאַכטן פענצטער קייכט פאַנאַנדער זיך אַ הייזעריקער הוסט —
אַ ווידער־קול צום אָפּקלאַנג פון זיין מידן, שלעפּערדיקן טראָט.

ביים ראָג פון סאָפּאָלק־ריווינגטאָן, האַלב אָפן שטייט
די הויכע שמאָלע טיר צום שטילן הויז פון גאָט.
דורך דער שמאָלער עפענונג באַמערקט ער ווי עס זיצט
אַ גרייז אין שאָטן פון דער טונקלער וואַנט.
אַ ווייסע, ברייטע באָרד ליגט ליכטיק אויסגעשפּרייט
אויף אַ צעעפנט ספר, ווי אַ ווייסער שוים
אויף דריבנע ווערלן פון אַ דרעמלענדיקן טייך.
דער טיף געקנייטשטער שטערן אויף דער בלויער אָדערדיקער האַנט.
דער אַלטער זינגט מיט אַ צעפּיעשטשעט קינדערש קעלכעלע אַריין אין בלאַט,
און הירשלען דאַכט זיך, אַז דאָרט זיצט די אייביקייט אַליין
און זינגט אַרויס דעם אומעט פון אַן אַלט־אומשטערבלעכן געוויין . . .
אַזוי פיל הייליקייט און אייביקייט אין שפּיצעכדיקן יידישן אות! —
צי זיצט עס דאָרטן ניט דער אויסגעלאָכטער אַלטער דיכטער און פּראָפעט?
דער קעניג־פּאַטריאַרך — פאַרשטיינערט אין זיין צויבער־שלאָס?

## לאָרבערקראַנץ

אַז הירשל האָט געטראָפן ליפּען אויף צומאָרגנס האָט ער זיך באַקלאָגט
אויף יענע וועלכע זיצן דאָרט . . . און משפּטן איעדן חבר נאָר ניט זיך.
— דער „זיך" וועט שפּעטער, טרייסט אים ליפּע, ווען ער וועט דערביי ניט זיין,
געמשפּט ווערן און דער פּסק וועט ווערן אָפן, פריי אַרויסגעזאָגט . . .
דו נעמסט סיי ווי די זאַך צו ערנסט זיך צום האַרץ . . . ס'איז אַן סכנה!
זאָלסט וויסן: דער וואָס טרעט צו צו אַ ווערק — אַן ערנסט ווערק —
צי ס'ווערק איז דיינס צי מיינס — עס מאַכט ניט אויס ווי עמעס —
אפילו ווען ער פּעדערט זיך מיט ניט קיין זויבערע כוונות —
טוט קיינעם ניט קיין רעה, וואָרעם דער עיקר איז —
דאָס גוטע, ווי דאָס שלעכטע אין דיין ליד, דיין בוך —

צי דאָס וואָס ער געפינט ביי דיר איז — אמת!
דעם עכטן קינסטלער שאַט עס ניט. קיין בייז! . . . נישקשה!
נאָר הירשל איז ניט מסכים און ער פאַלט אַריין אים אין די רייד:
— בכן, — מעג זיין דער קריטיקער אַ פעלשעניק, אַ רשע!
— נו, דאָס האָב איך אפילו ניט געזאָגט, מיין ליבער!
דו טייטשסט מיך אויס, זאָלסטו מיר מוחל זיין, נישט ריכטיק.
איך זאָג נאָר: — אויב ער ברענגט אַרויס דעם אמת, דאָס איז וויכטיק!
אוודאי דאַרף דער קריטיקער פאַרמאָגן גאָט אין האַרץ,
דאָס האַרץ — אַ ליכטיק אויג . . . כסדר שאַרף און אָפן . . .
ער דאַרף דאָס ווערק באַהאַנדלען, ווי אַ פאָטער, וואָס האָט ליב זיין קינד,
דאָס בענטשן, ווען עס האָט פאַרדינט געבענטשט צו ווערן,
און שטראָפן, אויב עס האָט פאַרדינט מען זאָל עס שטראָפן.
צי מיינסטו טאַקע, אַז ווען דער פאָטער שטראָפט זיין קינד,
וואָס האָט פאַרזינדיקט זיך — בשוגג צי במזיד —
טוט אים דאָס האַרץ ניט וויי אויס ליבשאַפט און רחמנות?
נאָר זאָג מיר, הירשל, וועלכער דיכטער, נאָוועליסט צי דראַמאַטורג,
אויב נאָר דער קריטיקער געפינט ביי אים די מינדעסטע פגימה,
פאַרדעכטיקט ניט, איז אים ניט חושד אין ניט זויבערע כוונות?
דער קריטיקער, פאַרשטייסטו, טונקט זיין פען אין זעלבן טינט, ווי דו.
ער איז אַ גלייכער שותף צו דעם שעפערישן וואָרט אַזוי ווי דו,
ער האָט אַ חלק אין דעם ווערטער גאָרטן פון דער יידישער קולטור.
ער איז אַ שעפערישער מענטש אָט פונקט ווי דו. אַ יש . . . און ווידער —
פאַרשטאָפּ די אויערן און שרייב — דער עיקר — גוטע לידער!
פאַר הירשלען זיינען אָבער ליפעס טענות פאַרט אַ קנאַפע טרייסט.
אים שטייט נאָך פאַר די אויגן לאַרבערקראַנץ, דער גרויסער יידישער פּאָעט,
אַ שווער פאַרמשפּטער, אַ קאַלט פאַרשטויסענער, בעת ער ווייסט,
אַז ער האָט דאָ געאַקערט און געזייט. און דורך זיין וואָרט גערעדט,
אין מדבר צו אַן ערב־רב, וואָס לאַכט פון אים אַצינד און שפעט . . .
טאָ וואו איז די דערמונטערונג פאַר אים, דעם ערשט געקומענעם?
אַז ער, וואָס איז דאָ ערשט געוווען . . . געוווען?! . . . ער איז דאָך דאָ!
איז שוין כמעט ווי אָפּגעמעקט, פאַרגעסן און — נישטאָ! נישטאָ!
און ליפע גיט נאָך זיין הסכמה: ס'איז דער גורל פון דער שעה!

אָפּנים ליפע האָט דערהערט, וואָס הירשל אין זיין האַרצן טראַכט.
האָט ער זיין האַנט ארויפגעלייגט אויף הירשלס אַקסל און געזאָגט:
דו ביסט אומזיסט מצער זיך: דאָס העכסטע, דאָס וואָס לאַרבערקראַנץ
האָט אין זיין שעפערישן ליד מיט זיך צו אונדז געבראַכט,

װעט בלײַבן לעבן לױט דעם אמת און דעם כּוח, װאָס דאָס פֿאַרמאָגט.
און דאָס, װאָס יונגװאַרג משפּט און פֿאַרמשפּט איז קײן סך ניט װערט . . .
די יוגנט איז כּמעט כּסדר עזותדיק . . . אױך לאַרבערקראַנץ איז דאָס געװען.
און דאָס, װאָס עס געשעט מיט אים אַצינד, װעט מיט אַ סך פֿון די,
װאָס האָבן אים געמשפּט מיט אַ גרינג געמיט, אַמאָל געשען.
נאָר אײן זאַך זאָלסטו װיסן, כ'האָב דאָס דיר, מיר דאַכט זיך, שױן געזאָגט:
אַ װאָרט, אַ ליד, אַ בוך, בלײַבט לעבן לױטן כּוח, װאָס דאָס פֿאַרמאָגט.
איצט גורט זיך אָן די לענדן, װי אין פּסוק שטײט,
און זאַפּ זיך אָן מיט כּוח און מוט. דו װעסט עס נױטיק דאַרפֿן.
און װער ניט מיד . . . און — װער ניט מיד!
ער האָט אַ לאַך געטאָן און שטיפֿעריש אַרױסגעזונגען אין דער הױך:
פּאַפּיר איז װײס, און טינט איז שװאַרץ, און הירשל שרײַבט דאָס גרעסטע ליד.

## נײַע פֿײגל, נײַע לידער

שױן לאַנג אַז הירשל איז בײַ דאָקטאָר הימלפֿאַרב ניט געװען.
די סיבה . . . דער פֿאַרװאָס, איז זײַן סוד־סודותדיקער סוד.
פֿונדעסטװעגן איז ער באַזאָרגט: האָט מורא פֿאַר אַ מינדסטן חשד . . .
כאָטש װײסן װײסט ער, אַז עס איז קײן בײז חלילה ניט געשען,
חוץ דעם, װאָס גאָט האָט אים געװיזן און אים ניט פֿאַרװערט
צו זען די שײנקײט לאהס . . . און ער האָט געזען . . .
זינט װען איז דאָס אַ חטא גאָטס שײנקײט צו באַװאונדערן,
און אים דערבײַ ניט לױבן פֿאַר זײַן חסד, פֿאַר זײַן גנאָד?

און ער באַשטימט, אַז קומענדיקן פֿרײַטיק אױפֿדערנאַכט,
װעט ער באַזוכן זײַנע פֿרײַנט, די הימלפֿאַרבס, און ער טראַכט:
דער שטײגער איז, אַז פֿרײַטיק אָװנט טרעפֿט מען דאָרטן געסט.
און ער װעט זיך אַזױ ניט װאַרפֿן זײ אין אױג . . .

אַז הירשל האָט אין דער באַשטימטער צײַט אַ קלאַפּ געטאָן
אין דאָקטאָר הימלפֿאַרבס טיר, ניט דרײסט און שטילערהײד,
האָט לאה אים געעפֿנט און אָן איבעררראַשטע זיך דערפֿרײט.
עס דאַכט זיך הירשלען, אַז ער רױטלט זיך . . . געװאָרן רױט:
האָט לאה דאָס באַמערקט? װײַזט אױס אַז ניט,
װאָרעם באַלד האָבן זיך באַװיזן פֿרישע געסט.

און לאה האָט אַנטשולדיקט זיך פאַר אים
און איז אַוועק באַגעגענען די נייע געסט
און אים געלאָזן שטיין אין דער מיט . . .

געטראָפן האָט דאָ הירשל יונגע דיכטער, מאָלער, מוזיקער.
און אַקטיאָרן, וועלכע שרייבן אויך אַמאָל אַ ליד, אַ מעשהלע.
— היינט אָוונט וועט אַ יונגער דיכטער לייענען לידער פאַר די געסט.
דער עולם וואַרט אויף ליפע רעזניקאָוו, דעם קריטיקער.
ער וועט עס פאָרשטעלן דעם יונגן דיכטער פאַר דעם עולם־געסט.
דער טיש איז מיט געשמאַק, אַרטיסטיש אויסגעריכט.
אין זילבערנע צוויי לייכטער ברענען העל־קאָלירנדיקע ליכט.
און שפּיגלען אָפּ זיך אין פלעשער, גלעזער, כוסות אויפן טיש.
אין קליאָשן זילבערנע זיך מינען פּרות כל'ערליי
פאַרשיידענע געבעקסן שמעקן ערשט פון אויוון פריש . . .
אין אַ הויכער דינער וואַזע פון געשליפענעם קרישטאָל,
כדי אַפּנים צו מכפּר זיין אויף די תענוגי עולם־הזה, ברענט
אַ רויטע נאָך ניט אויפגעמאַכטע רויז
און שלאָגט זיך אָפּ אָן ווייסן טישטוך ווי אַ קויל
אַ גליענדיקע אויף ערשט געפאַלענעם שניי . . .

דער דאָקטאָר הימלפאַרב שטעלט פאַר הירשלען פאַר
„דעם יונגן, פיל פאַרשפּרעכנדען פּאָעט",
— בנימין פּערלשטיין. אַ קאָנקורענט אַ נייער, ווי איר זעט.
עס דאַכט זיך הירשלען, אַז דער „יונגער" איז מבטל אים
ער שטרעקט אים אויס אַ קילע האַנט: — עס פרייט מיך . . . אנגענעם!

דעם נאָמען פּערלשטיין האָט הירשל שוין געהערט. און ניט געקוקט
אויף דעם, וואָס פּערלשטיין האָט זיך קיין סך נאָך ניט געדרוקט,
איז ער שוין צווישן זיינע יונגע פּען קאָלעגן היפש באַרימט:
אַז ער וועט זיין אַ צווייטער חיים־לייב איז זיכער שוין באַשטימט!

דער עולם האָט ניט לאַנג געוואַרט. אַ זייגער האַלב נאָך אַכט
האָט ליפע זיך געיאַוועט. זיך באַגריסט מיט אַלעמען,
זיך אָפּגערוט אַ ביסל, שטעלט ער דעם דיכטער פאַר.
מיט עטלעכע באַמערקונגען באַגריסט ער דעם פּאָעט.
דערמוטיקט אים . . . איז אים מבטיח, אַז ער וועט
פאַרנעמען מיט דער צייט אַ זייער חשוב אָרט

אויבנאָן אין אונדזער היכל פון דער יידישער ליטעראַטור,
און אויף זיין שטייגער זאָגן זיין פּאָעטיש אייגן וואָרט.
איך האָב דעם פאַרגעניגן פאָרצושטעלן אייך
דעם דיכטער־ליריקער — בנימין פערלשטיין.

בנימין פערלשטיין, אַ קליין געוויקסיקער, אַ בלאָנדינקער,
מיט לאַנג געקרויזטע האָר, מיט בלויע אויגן און אַ קינדערשן געזיכט,
ווישט אויס די ברילן און פאַרנעמט זיין אויבנאָןביים טיש,
צעשטעלט די לייכטער — איינעם רעכט, דעם צווייטן לינק
און בעט מען זאָל פאַרלעשן אַלע ליכט —
ער האַלט פון שטימונג . . . טעאַטראַלישן עפעקט —
און אגב האָט ער ליב, אַז אַלע אויגן זאָלן זיין אויף אים געריכט.
בנימין פערלשטיין פאַרמאָגט אַ וואַרעם־ווייכן קול.
ער עפנט אויף זיין העפט, טוט אַ צוויי דריי מיש,
געפינט זיין אויסדערוויילט ליד און לייענט.

## דער צויבערשלאָס פון שאָטן

ער האָט געזען אַ צויבערשלאָס
ביים שוועל פון רעגנבויגן.
ער שטראַלט, צעפאַלט, פאַרלעשט זיך באַלד
ווערט באַלד נעלם פון די אויגן.

נאָר ס׳ליכטיקייט, וואָס האָט ביי אים
אין אויג זיך אָפּגעטונקען,
האָט אין זיין האַרץ, אין זיין געמיט
געלאָזן זריעה־פונקען.

און אָפט, ביינאַכט ווען ער פאַרמאַכט
די דרעמל־מידע אויגן,
שטראַלט אויף פאַר אים דער צויבערשלאָס
אין ליכט פון רעגנבויגן . . .

דער גרינער וואַלד ווערט גרינער נאָך
דער בלויער הימל — בלויער.
צווישן וואַלד און הימל פליסט אַ טייך,
דער טייך פון בלויען טרויער.

די שטערן — פֿאַווע פּעדערן
אין בלויער נאַכט צעשאָטן.
ביים ברעג פֿון טייך אַ צויבערשלאָס
פֿאַרשפּרייט זיין גרויען שאָטן.

די סטעזשקע צו דעם צויבערשלאָס
פֿון פּיסטריט ערשט צעטראָטן.
דער טויער אָבער איז פֿאַרמאַכט
ביים צויבערשלאָס פֿון שאָטן.

ער קניט ביים זוים פֿון טייך און זוכט
אין שאָטן פֿון די וועלן
אַ לאַבירינט פֿון טירן, טרעפּ,
און שווינדלדיקע שוועלן . . .

ער קלאַפּט אין טויער דריי מאָל אָן,
דער טויער איז פֿאַרריגלט.
ער פּרואוווט די לאָדן — צוגעמאַכט,
פֿאַרשלאָסן און פֿאַרזיגלט.

ער וואַרט . . . צי האָט זי אָפּגענאַרט ?
ווי לאַנג וועט דאָס געווערן ?
די וועלן מורמלען שטיל : — ווער קען
די טריט פֿון שאָטנס הערן ?

ער כישופֿט, כישופֿט אַ געבעט —
דער כישוף איז אים געראָטן . . .
דער שאָטן־טויער עפֿנט זיך
פֿאַר אים — דעם מענטשן־שאָטן . . .

בנימין פּערלשטיין לייענט שטיל און מישט די בלעטער.
ער זינגט פֿון הימל, ערד און ים ; פֿון נימפֿעס און פֿון געטער.
די שטימע ציטערט און אין אויג פֿלאַמט אויף אַ שטילער פֿיבער.
ער כאַפּט פֿון צייט צו צייט אַ בליק : — ווי ווירקן זיינע לידער ?

און הירשל הערט זיך איין און טראַכט : ווי פֿייערלעך, ווי גלויביק !
ער זינגט עס אויס זיין יעדן זילב . . . ער גלויבט זיין וואָרט איז אייביק.

וואָס זוכט דער מענטש? — אַ טרוים, אַ וואונק, אַ רמז . . .
איז וואו דער גדר, וואָס טיילט אָפּ דעם חלום פון דעם אמת?

און ס׳שווימט אַרויף אין זיין געדאַנק דער אַלטער, מידער דיכטער;
די בייזע רייד ביים רונדן טיש . . . די ניט גערעכטע ריכטער;
דער ווייסער גרייז אין הויז פון גאָט, וואָס מישט די געלע בלעטער —
יענער זינגט פון גאָט און געטלעכקייט און דער — פון שאָטן־געטער . . .

דער דיכטער האָט דאָס לעצטע וואָרט מיט פּאַטאָס אויסגעזונגען,
און ס׳האָבן הענט און ווענט זיך הויך התפעלותדיק צעקלונגען.

ליפּע נעמט דאָס וואָרט און זאָגט:
קאָלעגע פּערלשטיין האָט מיט זיין ליד
זיך גאָרניט וואָס צו שעמען
פאַר די פּאָעטן פון דער איצטיקער מאָדערנער תקופה,
נאָר וואו איז אין זיין ליד דער מענטש,
און איבערהויפּט דער ייד,
וואו זיינען די היינט־צייטיקע פּראָבלעמען?!
און ער איז דווקא ניט פון די, וואָס פאָדערן פון ליד
דעם דרדקי מלמדס טייטל — קמץ־אלף!
איז אויך ניט פון דעם מין,
וואָס פאָדערט נאַציאָנאַלע דיכטונג, ליד —
געשריבן גראָד אויף פּאַרמעט מיט אַ חלף
אנשטאָט אויף פּשוטן פּאַפּיר מיט טינט און פעדער.
ער וואָלט דערפאַר די יונגע דיכטער ראָטן —
אַ ביסל מערער שלאָס און ווינציקער אַ ביסל שאָטן . . .

און איצט האָט אונדזער חשובער פּאָעט, קאָלעגע פּערלשטיין, דאָס וואָרט.
אַ שמייכלענדיקער הייבט זיך פּערלשטיין אויף פון אָרט,
ווי איינער, וואָס איז זיכער, אַז ער איז גערעכט:
— ס׳פאַרדריסט מיך, וואָס איך קען ניט מסכים זיין מיט דעם געערטן קריטיקער,
קאָלעגע רעזניקאָוו . . . סטראַטעגיש שטייט דער שרייבער קעגן קריטיקער
כסדר שלעכט . . .
כסדר האָט דער קריטיקער דאָס לעצטע וואָרט: שיסט אויס די לעצטע קויל,
נאָר איצט,—איז פונקט פאַרקערט... דער שטייגער איז געענדערט, ווי איר זעט.
אַפנים, אַז עס איז פאַראַנען אַ חילוק צווישן תורה שבכתב און תורה שבעל־פּה.

דער אמת שטעקט ניט אין דעם „וואָס עס איז״, נאָר גראָד
אין אופן: — „ווי״ איך זע . . .

איך האַלט, אַז דער פּאָעט איז ניט מחויב צו זיין דער כראָניקער.
דער פּינקטלעכער פאַרצייכענער. ער שרייבט ניט קיין געשיכטע פאַרן צוקונפט־דור,
איז זיכער ניט קיין זייגער אויף דער וואַנט, וואָס איז מחויב
צו מעסטן צייט . . . איז ניט קיין קאַלענדאַר, וואָס ווערט געפּסלט
פּונקט צוועלף אַזייגער, האַלבע נאַכט בעת עס ענדיקט זיך דאָס אַלטע יאָר.

דער מענטש פון שעפערישן וואָרט איז ניט קיין זאַמלער פון פאַרגעלטע שיימעס,
דער עיקר איז — אויב נאָר זיין ווערק איז עכט, פאַרמאָגט די פולע מאָס
התפעלות, שיינקייט, אמת, — איז דאָס שלימותדיק.
אין שלימות איז, ממילא, שוין פאַראַנען גאָט און מענטש און וועלט,
און גאָט און מענטש און וועלט אין אומבאַגרענעצטן מהות — איז אמת!

אַ שמייכלענדיקער הייבט זיך ליפּע אויף פון אָרט
און זאָגט: כ׳בין ניט משנה מיינע רייד:
קאָלעגע פּערלשטיין האָט איצט געהאַט דאָס לעצטע וואָרט . . .
דער עולם האָט ביז שפּעט ביינאַכט
געאַמפּערט זיך, דיסקוטירט, פאַרבראַכט,
און זיך צעגאַנגען.

# ביאָגראַפישע פּרטים און ביבליאָגראַפיע

ה. (חיים) רויזענבלאַט (געענדערט פון רויזנבליט) איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן מאי 1878 אין דאָרף ריסאָשע, קאַמענעץ־פּאָדאָליער קרייז, אוקראַינע.

דער פאָטער, הערש רויזנבליט, געווען אַ מילנער. דער מוטערס ערשטער נאָמען — דאַבריש. זי האָט געהאַלטן אַ קרעמל, אַרויסגעהאָלפן אין דער פּרנסה.

ביז אַכט יאָר האָט חיים געלערנט ביי מלמדים, וואָס די דאָרפס־יידן האָבן געבראַכט פון שטאָט. צו אַכט יאָר האָט מען אים אַוועקגעשיקט קיין לאַדיזשין, אַ שטעטל, וואו דער מוטערס עלטערן האָבן געוואוינט. דאָרטן איז ער געגאַנגען אין חדר.

צוליב די רדיפות אויף די דאָרפס־יידן סוף אַכציקער יאָרן האָט די משפחה רויזענבליט פאַרלאָזט דאָס דאָרף ריסאָשע אין 1891 אויפן וועג קיין אַמעריקע. דער וועג איז געווען אַ לאַנגער. שוואַרצנדיק די גרענעץ, האָט מען זיי געכאַפּט, געפירט מיטן עטאַפּ, זיך דערשלאָגן קיין אַמעריקע ערשט אין 1892 (?). דאָס מיינט אַז ביי זיין אָנקומען קיין אַמעריקע איז רויזענבלאַט אַלט געווען אַן ערך 14 (?) יאָר.

די פרעג־צייכנס בייביידע דאַטן זיינען ניט אַוועקגעשטעלט סתם לנוי. אין זיין אַנקעטע, אויסגעפילט פאַרן „לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטע־ראַטור" האָט ה. רויזענבלאַט אָנגעגעבן אַז ער איז אַלט געווען 12 יאָר ביי זיין קומען קיין אַמעריקע. אין דעם יובל־בוך צו זיינע זיבעציק יאָר, אַרויס אין 1948, האָט ישראל אַסמאַן אין זיינע „ביאָגראַפישע שטריכן" אויך אָנגעגעבן — צוועלף יאָר; נ. ב. מינקאָוו אין „צוקונפט" פון יולי־אויג. 1948 גיט אויך אָן אַז רויזענ־בלאַט איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1892 און דאָ ערשט אָנגעהייבן לייגן תפילין. זלמן רייזען אין זיין לעקסיקאָן גיט אָן אַז ה. ר. איז געקומען קיין אַמע־ריקע אין 1891, אַ דרייצניאָריקער. די אַלע דאַטן זיינען באַזירט אויף ידיעות געקראָגן פון רויזענבלאַטן גופא, אָבער דער חשבון שטימט ניט. אויב דער דאַטום פון זיין קומען קיין אַמעריקע 1892 איז ריכטיק, איז ער אַלט געווען פערצן יאָר. פשוטער חיבור אָדער חיסור. פעסטשטעלן דעם דאַטום איז מיר ניט געלונגען.

נאָך איין דאַטום שטימט ניט. אין דער אַנקעטע פאַרן לעקסיקאָן האָט רויזענבלאַט אָנגעגעבן אַז זיינע ערשטע צוויי לידער זיינען געדרוקט געוואָרן אין „פאָרווערטס" דעם צווייטן יאַנואַר 1900. אין דעם זיבעציק־יאָריקן יובל־בוך ווערט נאָך צוגעגעבן ז ו נ ט י ק , דעם 2טן יאַנ. נ. ב. מינקאָוו, אין דעם אויבנ־דערמאָנטן נומ. „צוקונפט" גיט אָן דעם ד ר י י צ נ ט ן יאַנ. גערעכט איז נ. ב. מינקאָוו. אַ לוח פון 1900 ווייזט אַז דעם צווייטן יאַנ. איז געווען דינסטיק, ניט זונטיק, דער 13טער איז געווען שבת.

די ערשטע צוויי יאָר האָט ה. רויזענבלאַט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין

פאָטער אין אַ שניידער־שאַפּ, דער טאַטע — אַ פּרעסער, חיים האָט געצויגן פּאַרסטריגעס, שכירות — צוויי דאָלאַר אַ וואָך. פּרעסירעט דעם שאַפּ, האָט ער זיך געלערנט ווערן אַ שילדן־מאָלער. די אַרבעט איז אים ניט געפעלן געוואָרן, האָט ער זיך גענומען צעטראָגן צייטונגען אין די פּאַרטאָגן און נאָך אַכט אַזייגער געגאַנגען אין דעם „דזשאמאיקא נאָרמאַל קאָללעדזש" שטודירן לערעריי. קיין לערער איז ער ניט געוואָרן. ער האָט געטון אַנדערע אַרבעטן, די הויפּט־באַשעפטיקונג — שרייבן לידער.

דאָס ערשטע בוך „ליעדער" 122 ז. איז דערשינען אין 1910 אין פאַרלאַג „אידישע ביבליאָטעק" פון קאַרלין־כהן. אין 1915 איז דערשינען זיין צווייט בוך „געזאַמעלטע געדיכטע און ליעדער" 320 ז. אין פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל. פון דעם בוך איז אַרויס אַ צווייטע אויפלאַגע אין 1917. אין 1916האָט ער פאַרלאָזט ניו־יאָרק, זיך באַזעצט אין דעטראָיט. אַ יאָר צייט 1917 האָט ער רעדאַקטירט די „דעטראָיטער וואָכענבלאַט", שפּעטער געטון אַנדערע אַרבעטן. אין 1919 האָט דער שלום עליכם צווייג נומ. 104 פון ייד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד אַרויסגעגעבן זיין בוך „אונטער גאָטס הימלען" 230 ז. אויך פון דעם בוך האָט מאַקס נ. מייזעל אַרויסגעגעבן אַ צווייטע אויפלאַגע.

אין 1920 האָט ער אין דעטראָיט חתונה געהאַט (צום צווייטן מאָל) מיט מלכה באָיער (פאַרקירצט פון באָיאַרסקי) און גלייך נאָך דער חתונה זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ טור איבער די פאַראייניקטע שטאַטן און מערב קאַנאַדע. ער איז געפאָרן אין שליחות פון יידישן לערער סעמינאַר אין ניו־יאָרק. פון מערב קאַנאַדע איז ער געקומען קיין לאָס אַנגעלעס אין 1921 און געוואָרן דאָ אַ תושב.

אין 1923 איז געבוירן געוואָרן זיין טאָכטער רינה.

אין לאָס אַנגעלעס האָט ער געהאַט פאַרשיידענע פּרנסות: אַ צייטונגס טעריטאָריע, איין רעסטאָראַן, אַ צווייטן, אַ פאַרזיכערונגס אַגענט, אַ פאַרוואַלטער פון דער פאָלקס שול, קולטור דירעקטאָר ביים ייד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד, געפאָרן אין שליחות פון ייווא אין קאַליפאָרניע און מעקסיקאַ, אַ קנאַפּ יאָר צייט געווען דער רעדאַקטאָר פון דער „קאַליפאָרניער אידישע שטימע" (די יידישע אָפּטיילונג, וואָס איז נאָך דערמלט געווען) 42־1941, געהאַט אַ משקה קרעמל (ליקאָר סטאָר, בלא"מ — בלשון אַמעריקע) און נאָך אַ פּאָר פּרנסות. אַזוי ביז 1944, ווען זיינע פריינט האָבן מעגלעך געמאַכט ער זאָל אויפגעבן אַלע „פּרנסות" און זיצן און שרייבן.

אויב פון די אַלע געשעפטן . . . איז ניט געווען קיין פּרנסה בשפע, האָט ער אָבער געהאַט נחת פון זיין שרייבן. אין 1925 איז געפּראַוועט געוואָרן דער 25־יאָריקער יובל פון זיין שאַפן. מע האָט אַרויסגעגעבן זיין בוך „בלויע פלאַמען" און פון דעמלט אָן איז כמעט יעדע פינף יאָר דערשינען זיינס אַ בוך. צי אויף דעם בוך איז געווען די אויפשריפט פריינט, קולטור געזעלשאַפט, אָדער ה. רויזענבלאַט בוך, צי יובל, קאָמיטעט, האָט עס קודם געמיינט אַ קליינע גרופּע מענטשן, וואָס גיט זיך אָפּ מיט אַרויסגעבן ביכער אויך פון אַנדערע שרייבער דאָ אין

שטאָט, אָבער ביים אַרויסגעבן אַ בוך פון ה. רויזענבלאַט זיינען אַלע מאָל צוגע־שטאַנען אי זיינע פּערזענלעכע פריינט, אי מענטשן פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס.

געווען אַ סיבה דערפאַר. רויזענבלאַט איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער פועלי ציון פּאַרטיי; פון יידישן נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד; פון ל. א. יידישן קולטור קלוב (צוויי יאָר געווען פּאָרזיצער, נאָכדעם ערן־פּאָרזיצער); געווען אַ מיטגליד פון ייוואָ, צוויי יאָר פּאָרזיצער פון ייוואָ קאָמיטעט דאָ אין שטאָט; נאָכדעם ערן־פּאָרזיצער. דער ערשטער פרויען לייען־קרייז וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דאָ אין שטאָט איז דער ה. רויזענבלאַט לייען־קרייז; ער האָט געהאַלטן לעקציעס, פאַרגעלייענט זיינע לידער ביי אַ סך ליטע־ראַרישע אָוונטן, צי דער אָוונט איז געווען פון די פועלי ציון אָדער אַרבעטער רינג מיטגלידער, ביי קיין קולטורעלער אונטערנעמונג דאָ אין שטאָט האָט ה. רויזענ־בלאַט ניט אויסגעפעלט. אַזוי שיר ניט ביז די לעצטע פּאָר וואָכן פון זיין לעבן.

געשטאָרבן איז ער ביי זיך אין דערהיים, אין האָנטינגטאָן פּאַרק, קאַליפ., דינסטיק פאַרנאַכט דעם 29טן מאַי 1956. געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויף דער „הילסייד סעמעטערי" פרייטיק דעם ערשטן יוני 1956.

זאָל אים די ערד זיין גרינג.

## ביבליאָגראַפיע

ה. רויזענבלאַט האָט געדרוקט לידער, קינדער לידער און שפּילן, עסייען, אַרטיקלען און פעליעטאָנען (אונטער פסעוודאָנימען אבא קאַנטער און א. ריסאַשער) אין: „פאָרווערטס", „אבענדבלאַט", „פרייע געזעלשאַפט", „אַרבייטער צייטונג", „די ווארהייט", „דאָס נייע לאַנד", „יוגענט", „פרייע אַרבייטער שטימע", „טאָג", „די צייט", „דער איד. קעמפּער", „צוקונפט", „ווילנער יידישע וועלט", „גריבינקע בוימעלעך" (ווילנע), „קינדער זשורנאַל", „פאַר אונזערע קינדער" (פּאַריז), „ליטע־ראַרישע בלעטער" (וואַרשע), „דעטראָיטער וואָכנבלאַט", „קולטור" (שיקאַגאָ), „יידיש", „עפּאָכע", „זאַמלביכער" (אפּאַטאַשו־לייוויק), „דער וועג" און „די שטי־מע" (מעקסיקאָ), „דאָס וואָרט" (פּאַריז), „קיום" (פּאַריז), „גאָלדענע קייט" (תל־אביב), „אונדזער וועג", „אויפן שוועל", „פּאַסיפיק" (לאָס אַנגעלעס), „אונדזער וואָרט" (ל.א.) און „חשבון" (ל.א.).

רעדאַקטירט: „דעטראָיטער וואָכנבלאַט", „פּאַסיפיק", פּערטליאָרלעכער זשורנאַל, 1929, דערשינען פיר נומערן; „אונדזער וואָרט", חודשלעכער זשורנאַל 1939, דערשינען פיר נומערן, מערץ־יוני; „קאַליפ. אידישע שטימע" 1941־42, אויך מיט־רעדאַקטירט די ערשטע צוויי נומערן „חשבון" 1946.

## אַנטאָלאָגיעס און ענציקלאָפּעדיעס

פאַרטראָטן אין מ. באַסינ׳ס אַנטאָלאָגיע; מיטל־מערב אַנטאָלאָגיע (שיקאַגאָ); נחמן מייזל׳ס אַנטאָלאָגיע „אַמעריקע אין יידישן וואָרט"; „על נהרות" (העברע

איש), איבערזעצט פון שמשון מעלצער, ירושלים; שמואל יעקב אימבער׳ס „מאדערן יידיש פּאָעטרי״ (ענגליש), ז. 262; זלמן רייזענס לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, ז. 303־299; יידישע אוניווערסאַלע ענציקלאָפּעדיע (ענג־ליש); אידישע אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, ז. 140; „ווער איז ווער אין אַמע־ריקאַנער יידנטום״ (ענגליש). אויך פּאָרטראַטן אין אַ סך לערנביכער פּאַר די יידישע שולן.

אין 1949 געקראָגן די לואי לאַמעד פּרעמיע פאַרן בוך „אין שאָטן פון מיין בוים״. אין זעלבן יאָר געקראָגן אַן ערן אויסצייכענונג פון דעם „יידישן בוך חודש קאָמיטעט״ ביים לאָס אַנגעלעס דזשואיש קאָמיוניטי קאָונסיל.

## לידער מיט מוזיק

היידא נו, צוריק אין חדר, מוזיק — י. פּיראָזשניקאָוו.

וואַנדער איך אַליין, מוזיק — סאָלאָמאָן גאָלוב (פּאַר כאָר).

וואַנדער איך אַליין, מוזיק — מיכל געלבאַרט.

דן און דאַניא, מוזיק — מיכל געלבאַרט.

לאָמיר זינגען, מוזיק — מיכל געלבאַרט.

אָוונט געבעט, מוזיק — סאָלאָמאָן גאָלוב.

גאָט פון אברהם (באבעניו), מוזיק — סאָלאָמאָן גאָלוב.

שלום עליכם מלאכי השרת, מוזיק — סאָלאָמאָן גאָלוב.

איך בין אַ ביסל גרוי, מוזיק — פּאָול לעמקאָף. (רעקאָרד געמאַכט פון סידאָר בעלאַרסקי).

דאָס אוקראַינישע פּאַסטוך ליד, מוזיק — פּאָול לעמקאָף.

מאַמע, מאַמע, איך קען ניט שלאָפן, מוזיק — סאָלאָמאָן גאָלוב.

דער קוקו זייגער, מוזיק — פּאָול לעמקאָף.

געקומען איז אַ פייגעלע, מוזיק — קאַפּלון.

מיר שמידן דעם חבר פאַרבאַנד (הימן פון ייד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד), מוזיק — לעאָ ליאָוו.

דאָס געזאַנג פון די העקער (קאַנטאַטע), מוזיק — קאָוען, באַאַרבעט פון י. י. וויינשטאָק.

תם מה הוא אומר, מוזיק — פּאָול לעמקאָף.

זאָל זיין שבת (באבעניו), מוזיק — שלום סעקונדע.

פרילינג גלעקלעך (קינדער ליד), מוזיק — פריימאַן.

ביי דער אָרנע, מוזיק — אויגוסט האלטער (אַ דייטש).

## ביכער פון ה. רויזענבלאַט


1) „ליעדער", פאַרלאַג „אידישע ביבליאָטעק", נ.י. 112 ז. בראָשורט. 1910.
2) „געזאַמעלטע געדיכטע און ליעדער", פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל, נ.י. 320 ז. 1915. פון דעם בוך געווען אַ צווייטע אויפלאַגע.
3) „אונטער גאָטס הימלען", אַרויסגעגעבן פון שלום עליכם צוויג ייד. נאַצ. ארב. פאַרבאַנד, דעטראַיט, מיש. 1919. אַ צווייטע אויפלאַגע דורך מאַקס נ. מייזעל, נ.י. 230 ז.
4) „בלויע פלאַמען", אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע פריינט, 158 ז. ל.א. 1925.
5) „הרודעס", קולטור געזעלשאַפט, לאָס אַנגעלעס 1930, 152 ז.
6) „ליים", קולטור געזעלשאַפט, לאָס אַנגעלעס, 1935, 136 ז.
7) „בעבזיק", צענטראל קאָמיטעט פון די יידישע פאָלק שולן, ניו יאָרק, מיט דער הילף פון אַ גרופּע פריינט אין לאָס אַנגעלעס, 1940. 160 ז.
8) „מיין ליכטיקע נסיעה", ה. רויזענבלאַט בוך קאָמיטעט, לאָס אַנגעלעס, דורכן פאַרלאַג ל. מ. שטיין, שיקאגא, 1944. 170 ז.
9) „אדמס קינדער", ה. רויזענבלאַט בוך קאָמיטעט ל.א., דורכן פאַרלאַג ל. מ. שטיין, שיקאגא, 1944. 126 ז.
10) „אין שאָטן פון מיין בוים", ה. רויזענבלאַט יובל קאָמיטעט, ל.א. 1948. 176 ז.
11) „אין שענצטן טאָג פון האַרבסט", ה. רויזענבלאַט יובל קאָמיטעט, 1953. 208 ז.
12 „פאַרנאַכט", ה. רויזענבלאַט בוך קאָמיטעט, 1957, (צום יאָרצייט), 216 ז.


### אָפּרופן וועגן ה. רויזענבלאַט און זיין שרייבן


נ. אויסלענדער, אין „ביכער וועלט", 1919.

אפרים אויערבאַך — „עלטסטער יידישער דיכטער אין אַמעריקע", „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", יוני 1956.

אידישער קעמפער — „אונזער אבידה — ה. רויזענבלאַט", יוני 8, 1956.

א. אלמי — „רויזענבלאַטס וועג" אין „ליטעראַרישער חודש"; וועגן רויזענבלאַטס אַרטיקל „פאַרמעט און פּאַפּיר", „פר. ארב. שטימע", דעצ. 29, 1933; „רויזענבלאַטס אַנהייב", אין יובל שריפט, מאי 1935, ל.א. קאַליפ.

מנשה אונגער, אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", 1955.

„אונזער שטימע". פּאַריז, מאי 15, 1948, וועגן 70־יאָריקן יובל.

פּ. אמסטער אין „אונזער שטימע". פּאַריז, יולי 1949, וועגן „אין שאָטן פון מיין בוים".

אלף. „דער רויזענבלאַט יום־טוב אין וויניפּעג" אין „דאָס אידישע וואָרט". וויניפּעג, מאַי 1944.
ישראל אַסמאַן, אין יובל שריפט, אַפּריל 1939, ל.א. „ה. רויזענבלאַט — אַ זעכ־ציקער".
ישראל אַסמאַן, „ביאָגראַפישע שטריכן", אין יובל בוך צו די זיבעציק יאָר ל.א. קאַליפ. 1948.
דוד אפּאַלאָוו — וועגן „בעבזיק".
„איסט ענד וועסט", אָפּרוף וועגן רויזענבלאַטן. (ענגליש)
א. באַביטש, אין „חשבון", ל.א. 1956, „ה. רויזענבלאַט דער מכניס אורח".
יעקב באָטאשאַנסקי, אין דער „פּרעסע", בוענאָס איירעס, אויג. 20, 1930, וועגן „הרודעס" און „צווישן ביכער און מעכאַברים", פעב. 21, 1934.
ב. באָטווויניק, אין „קאַליפ. איד. שטימע", יוני 5, 1925, באַגריסונג צום 25־יאָריקן יובל.
ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, אין „פאָרווערטס", יוני 1956, „ה. רויזענבלאַט, דער פּאָעט, וואָס איז איצט געשטאָרבן".
מנחם באָריישא, אין יובל בוך 1948, באַגריסונג.
בן־יקיר, אין „איד. קעמפער", 1910, „ליעדער פון ה. רויזענבלאַט".
בן־קלמן, אין זאַמל העפטן, „פרילינג־בלעטער", 1910.
יצחק בערלינער, אין „וועג" (מעקסיקא), „דורך די שויבן", 1953; אונטערן זעלבן נאָמען אָפּגעדרוקט דריי אַרטיקלען צו די שלושים פון ה. רויזענבלאַט.
בראָנזווילער סטאַליאַר, אין „קאַל. איד. שטימע", אָקט. 18, 1934.
ה. גאָלדאָווסקי, אין יובל שריפט לכבוד 35־יאָריקן שאַפן, „פון שטילן וועג צו רחבות"; אין יובל שריפט לכבוד 60 יאָר, „פון אוקראַאינער כאַטע אין ברייטער וועלט אַריין"; אין יובל שריפט לכבוד 70 יאָר, „רויזענבלאַטס דיכטעריש שטייגן".
אב. גאָלדבערג, אין „דאָס איד. פאָלק", וועגן „געזאַמעלטע געדיכטע און לידער".
נח גאָלדבערג, אין „אונדזער וועג", אויג. 1956, „אַ קורצער שפּאַציר אין ה. רויזענבלאַטס גאָרטן".
ב. י. גאָלדשטיין, אין „קאַנאַדער אָדלער", מאַי 1917, „דאָס צערטלעכע אין רויזענבלאַטס לידער".
מ. גינזבורג, אין „קאַנאַדער אָדלער", וועגן 70־יאָריקן יובל.
דוד גיסנעט, אין „קאַליפ. איד. שטימע", יוני 1, 1925.
א. גלאַנץ, „אַ ניי בוך פון ה. רויזענבלאַט", וועגן „אונטער גאָטס הימלען", אין „טאָג".
יעקב גלאַנץ, אין „דער וועג", מעקסיקא, „ה. רויזענבלאַט אין ליכט פון זיינס אַן איינציק בוך", 3טער יולי 1943; „ווי אַזוי דיכטער גייען און קומען צו זיך", 17טער יולי 1943; „אַ רייף פון רייפע לידער", 1944.

יעקב גלאַטשטיין, „ה. רויזענבלאַט פון 1900 ביז 1946", אין 70־יאָריקער יובל שריפט, ל.א. קאַליפ. „פראָסט און פשוט", אין „טאָג־מאָרג. זש.", 1948;

„אין תוך געגומען", „איד. קעמפער", מערץ 20, 1953, און אין בוך „אין תוך געגומען", עסייען (45־1947) זייט 109; אויך אַ קורצע אָפּהאַנדלונג וועגן ה. רויזענבלאַטס ליד „אין ליכט קרייז", אין „קעמפער", 1947 (?).

נפתלי גראָס, אין „פאָרווערטס" 22טן מאַי 1948, „עטלעכע ווערטער וועגן ה. רויזענבלאַט".

משה גראָסמאַן, אין „היימיש" (רמת־גן) יולי 1956, „ה. רויזענבלאַט".

בער גרין, אין „מאָרגן פרייהייט" דעם 10 יוני 1956, „ה. רויזענבלאַט און זיין אָרט אין דער יידישער פּאָעזיע".

מאַטעס דייטש, אין יובל בוך 1948, ל.א., „דיכטערישע פאַרגאַנצקייט אין לעצטן סך־הכל". „ארץ־רויזענבלאַט" אין „חשבון", אָקט. 1956.

יחיאל האפּער, אין „די גאָלדענע קייט" (תל אביב) נומ. 16, 1953, „ה. רויזענ־בלאַט".

פּרץ הירשביין, אין יובל בוך, ל.א. 1939, „אַ פּאָלקס קינד".

אסתר שומיאַטשער־הירשביין, אין „חשבון" אָקט. 1956, „ה. רויזענבלאַט"—ליד.

א. וואָהלינער, אין „קאַליפ. איד. שטימע" 5טן יוני 1925, „דיין יום־טוב איז מיין יום־טוב".

משה וואָהלינער, אין „דאָס אידישע וואָרט", וויניפּעג, — וועגן 25־יאָריקן יובל 1925.

מ. וואַלדמאַן, אין „פאַר אונזערע קינדער" (פּאַריז) נומ. 22־21, 1953, „אין שאָטן פון אַ בוים".

ז. וויינפּער, אין „אויפקום" 1925, צום 25־יאָריקן יובל און אין „אויפקום" יוני 1931 וועגן „הרודעס".

ווענגא, אין „ניו יאָרקער וואָכנבלאַט" מאַי 24, 1935, „דער גאַנג פונם פּאָעט רויזענבלאַט".

די „וועלט", בוענאָס איירעס, 1948, וועגן 70־יאָריקן יובל.

זלמן זילבערצווייג, ל.א. קאַליפ., רעקאָרדירט פיר לידער, וואָס ה. ר. האָט פאַרגעלייענט.

י. זעווין, אין „טאגעבלאַט" דעם 3טן מערץ 1916.

מ. י. חאַימאָוויטש, אין „פר. ארב. שטימע" פון 30טן מערץ 1934, „ליטעראַ־רישע שמועסן" אין „נ.י. וואָכנבלאַט" 16טן מאַי 1939, "אָרום שרייבער".

ח. א., אין „קונדס" 1915.

מ. חיית, אין „קאַליפ. איד. שטימע" 1944, וועגן „מיין ליכטיקע נסיעה".

מלכה טוזמאַן, אין „חשבון" אָקט. 1956, „לכבוד ה. רויזענבלאַט עליו השלום".

יוסף טילעס, אין „פאָרווערטס״ 1953, באַריכט וועגן 75־יאָריקן יובל; דעם 30 מאי 1956, באַריכט וועגן טויט; אין יוני, באַריכט פון לויה.
ש. טענענבוים, אין „שיקאַגא קוריער״, „ה. רויזענבלאַט, אַ נייע עפּיק״ — וועגן „בעבזיק״; אין דער זעלבער צייטונג „אין ליכט פון די אבות״ 1944; „די דיכטונג פון דער וועלט״ 1944; אין „פר. ארב. שטימע״ נאָוו. 24, 1944, „רייפע פּרוכטן פון אַ טיף פאַרוואָרצלטן בוים״ און „ה. רויזענבלאַטס ניי לידער־בוך אויף תנך מאָטיוון״, אין „פר. ארב. שטימע״ 1945.
י. טחנא, אין „פר. ארב. שטימע״ דעם 29טן יוני 1956, „הונגעריק״ — ליד צו די שלושים פון ה. רויזענבלאַט.
יהואש, אין „קאליפ. איד. שטימע״ יוני 1925, באַגריסונג צום 25־יאָריקן יובל.
יוו־גר, אין „שיקאַגא קוריער״ 1934, וועגן „פאַרמעט און פּאַפּיר״.
ש. יאַנאָווסקי, אין „פר. ארב. שטימע״ 1916.
מרדכי יפה, אין „פר. ארב. שטימע״ נאָוו. 8, 1940, וועגן „בעבזיק״.
יצחקי, אין „חשבון״ אָקט. 1956, ביבליאָגראַפיע.
פּעסי כהנא, אין יובל שריפט אַפּריל 1939, „פאַר אידישע קינדער״.
מ. כץ, אין „טאָג״ 12טער דעצ. 1915, וועגן „געזאַמעלטע געדיכטע און ליעדער״.
אלף כץ, אין „שיקאַגא קוריער״ 13טער מאי 1934, וועגן „פאַרמעט און פּאַפּיר״.
כאַוועך פאַווער, אין „מאָרגן פרייהייט״ יוני 1956, „ה. רויזענבלאַט״.
ב. ל., אין „פר. ארב. שטימע״ 15טן יוני 1956, „ה. רויזענבלאַט״.
ה. ל., אין „דאָס וואָרט״, פּאַריז, צום 75־יאָריקן יובל.
ה. ל., אין „פאָרווערטס״ 2טן פעב. 1953, וועגן 75־יאָריקן יובל.
ל. לאַנדוי, אין „פר. ארב. שטימע״, „אידישע שרייבער און קינסטלער״.
ה. לייוויק, אין „טאָג״ 1948, „דאָס ליד און דאָס לעבן״.
ליט. בלעטער (וואַרשע), נאָטיץ וועגן „ליים״ אין נומ. 31 (586).
סאל ליפּצין, אין „בוקס אַבראָאַד״ (ענגליש) 1954, וועגן „אין שענצטן טאָג פון הארבסט״.
דער לעבעדיקער, אין „מאָרגן זשורנאַל״, „קורצע באַמערקונגען וועגן „היימיש ברויט״ און צו זיינע זיבעציק יאָר.
א. לעיעלעס, אין „טאָג״ 1948, „דער וואונדערלעכער מיטגייער״; אין יובל שריפט צו די זיבעציק יאָר; אין „טאָג״, „וועלט און וואָרט״, פעב. 14, 1953, „ה. רויזענבלאַט צו 75 יאָר״ און „ה. רויזענבלאַט פון לאָס אַנדזשעלעס ע״ה״. יוני 1956, אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״.
„לעצטע נייעס״, תל אביב, באַריכט וועגן אזכרה אָונט דעם 14טן יוני 1956 אין תל אביב.
י. ל. מאלאמוט, אין „מילוואָקיער אידישע שטימע״ 1930, וועגן „הרודעס״. „ה. רויזענבלאַט צו זיין 50־יאָריקן יובל״, אין „קאליפ. אידישע שטימע״ און אין יום־טוב בלעטער 1956.

ש. מאליץ, אין „פר. ארב שטימע" 9טער יולי 1948, „דער גערטנער פון לידער".
דר. א. מוקדוני, אין „מאָרגן זשורנאַל" דעצ. 27טן 1933, וועגן „פּאַרמעט און פּאַפּיר"; אין דער זעלבער צייטונג יולי 31, 1940, „בעבזיק אין גאָטס וועלט"; אין 1945 „חומש מיט רש"י", וועגן „אדמס קינדער"; אין „קיום", פּאַריז, יולי־אויג. 1948, „יונג־שעפערישע עלטער"; דער זעלבער אַרטיקל אין 70־יאָריקן יובל בוך, ל.א.; אין „מאָרגן זשורנאַל" 6טן מערץ 1949, „קלאָרע לויטערע לידער".
ש. מיללער, אין יובל שריפט צום 60טן יובל, ל.א. קאליפ. 1939, „אַ שאָק מיט יאָרן"; אין „חשבון" אָקט. 1956, ל.א., „דאָס שיינדל פון שטעטל"; „סוף פּסוק" 1957.
נ. ב. מינקאָוו, אין „צוקונפט" אָקט. 1945, „ה. רויזענבלאַטס פּאָעטישע נסיעה"; דער זעלבער אַרטיקל אין 70־יאָריקן יובל בוך, ל.א. 1948; אין "צוקונפט" יולי־אויג. 1948, „ה. רויזענבלאַטס אָנהייב", און אין „צוקונסט" יולי־אויג. 1956, נעקראָלאָג; אויך אין זיין בוך „ליטעראַרישע וועגן", זייט 181—218.
מ. מלמד, אין „פּיל. איד. וועלט" 26טן יולי, 1925, וועגן „בלויע פלאַמען"; אין דער זעלבער צייטונג אָקט. 26, 1930, וועגן „הרודעס", און דעצ. 10, 1936, וועגן „ליים".
קלמן מרמר, אין „דער אידישער קונסט פריינד", שיקאגא, 1916, „ה. רויזענ־בלאַטס ליעדער"; אין „אַרבייטער וועלט" אָקט. 21טן 1917 צו רויזענבלאַטס באַזוך אין שיקאגא; אין „פרייהייט" דעם 28טן יוני 1925, וועגן „בלויע פלאַמען"; אין „פרייהייט" 14טן סעפּט. 1940, „דאָס לעבן פון אַ יידיש יינגל".
י. ש. נאומאָוו, אין 35־יאָריקער יובל שריפט אפּר. 12טן 1935; אין „קאליפ. איד. שטימע", 17טן סעפּט. 1944, „יצירה דורך פּאָעטישע אויגן".
וו. נאַטאַנזאָן, אין „וויטער" — „ה. רויזענבלאַטס יידיש ליד „אַלטיטשקע"; אין „פר. ארב. שטימע" פון 13טן און 27טן יוני 1956, „גרענד־פּאַ טימאטהי מ׳קגי"; אין „חשבון" אָקט. 1956, „ה. רויזענבלאַטס דיכטונג אין ליכט פון מענטש אין שייכות צו וועלט און גאָט".
משה נאגער, אין „פּיל. איד. וועלט" 1915, „פעלד און בלומען".
משה נאַדיר, אין „קונדס", „אונטערן מעסער", וועגן „געזאַמעלטע געדיכטע און ליעדער".
ש. ניגער, אין „פריינד" 1910; אין „ווייטער בוך", ווילנא 1920, „די יונגע אידישע ליריק אין אַמעריקע"; אין „טאָג" 1925, „פּאָעזיע און פּאָעטעריי"; אין „טאָג" 1930, „עראינערונגס ליריק"; אין „טאָג" יאַנ. 14טן 1934, וועגן „פּאַרמעט און פּאַפּיר"; אין „טאָג" 10טן און 24טן מאי 1948, צום 70־יאָ־ריקן יובל; אין „טאָג" דעצ. 11, 1949, צום געווינען די לאַמעד פּרעמיע. קורצע באַמערקונג אין „טאָג" מאי 20, 1945.
ראָזע נעוואדאָווסקי, אין „קאליפ. איד. שטימע" סעפּט. 17טן 1933.

י. מ. ניימאַן, „המשורר ה. רויזענבלאַט" אין „דבר" 29טן יוני 1956.
י. י. סיגאל, אין „קאַנאַדער אַדלער" אויג. 12טן 1931, וועגן „הרודעס"; אין
דער זעלבער צייטונג יאַנ. 10, 1944, צו רויזענבלאַטס באַזוך אין מאָנטרעאָל;
אין 1944 וועגן „מיין ליכטיקע נסיעה"; מאי 7טן 1948, צום 70טן יובל;
סעפּט. 1953, וועגן „אין שענצטן טאָג פון האַרבסט".
דר. שלמה סיימאָן, אין „איד. קעמפּער" יולי 10טן 1936, וועגן „ליים".
יונה ספּיוואַק, אין „שיקאַגא קוריער" אָקט. 21טן 1917, „דער דיכטער פון דער
אידישער פאָלקסטימלעכקייט".
מענדל עלקין, אין 70־יאָריקער יובל שריפט — באַגריסונג.
צדוק עניסמאַן, אין „קאַליפ. איד. שטימע" יוני 1925 — באַגריסונג.
שכנא עפּשטיין, אין „נייע וועלט" 1915, וועגן „געזאַמעלטע געדיכטע און
לידער".
יואל ענטין, אין „איד קעמפּער" 1916, „דער צווייטער דור"; אין „אַרבעטער
שטימע" פון נאָצ. אַרב. פאַרבאַנד, וועגן „ליים"; וועגן „אדמס קינדער"
און „מיין ליכטיקע נסיעה" אין „פּיאָנערן פרוי" יוני 1946; און אין יובל
בוך צו די 70 יאָר „פון אוקראַינישן סטעפּ צו דער אַמעריקאַנער פּריירי".
יעקב פּאַט, אין „צוקונפט" מערץ 1954, „שמועסן מיט יידישע שרייבער; דער
זעלבער אַרטיקל, פאַרגרעסערט, אין בוענאָס איירעסער „פּרעסע" 17טן
מערץ 1954, אויך אין בוך מיטן זעלבן נאָמן.
דוד פּינסקי, אין יובל בוך 1935, „35 יאָר ה. רויזענבלאַט"; אין „גאָלדענע
קייט" נומ. 16, 1953, „הירשל ווערט נתגלה".
ל. סיינבערג, אין „פּרייהייט" 1931 (?) „פון הרודעס" און „ליים" צו פּרוכט־
באַרער ערד"; אין „פּר. אַרב. שטימע" אַפּריל 10טן 1953, „דער דיכטער
ה. רויזענבלאַט"; אין „טאָג־מאָר. זשורנאַל"" 30טן יוני 1956, "ה. רויזענ־
בלאַט מיין ליטעראַרישער מדריך"; אין „צוקונפט" נאָוו. 1956, „ה. רויזענ־
בלאַט'ס גאַנג אין דער יידישער פּאָעזיע".
משה פיינשטיין, אין „הדאר" דעם 30טן דעצ. 1948, וועגן „אין שאָטן פון
מיין בוים".
י. פרייליך, אין „אונדזער וועג" 1טער אַפּר. 1953, „ה. רויזענבלאַט".
י. פרידלאַנד, אין „פּר. אַרב. שטימע" פּעב. 7, 1953, בריוו וועגן 75־יאָריקן
יובל; אין „חשבון" נומ. 8, 1956, „אונדזער גרויסע אבידה". (דער זעלבער
אַרטיקל געדרוקט אין דער „פּר. אַרב. שטימע").
א. צייטלין, אין „דאָס אידישע וואָרט", וויניפּעג, נאָוו. 1948, „ה. רויזענבלאַט
קומט קיין וויניפּעג".
מ. ציפּין, אין „שיקאַגא קוריער" 1915, וועגן „געזאַמעלטע געדיכטע און לידער".
סאלאמאן קאהאן, אין „וועג" (מעקסיקא) 26טער יוני 1943 און 3טער יולי
1943, „לידער פון לעבנס פרייד און חכמה"; אויג. 1943, "אַ דיכטער אויף

זיין ליכטיקער נסיעה״; 10טן יאַנ. און 24טן אַפּריל 1948, וועגן רויזענ־בלאַטס 70 יאָר; 7טן מערץ 1953, „זומערדיקער האַרבסט״; דעם 14טן מערץ 1953, „ה. רויזענבלאַטס פילאָזאָפישע ליריק״ און „געדענקשאַפטן״; דעם 9טן יוני 1956, „אַן עלטער וואָס האָט ניט פאַרשעמט די יוגנט״ אין די „שטימע״.

„קינדער זשורנאַל״, 1954, „ה. רויזענבלאַט צו זיין 75טן געבוירנטאָג״.

מ. ר., אין „די שטימע״ (מעקסיקא) דעם 14טן פעב. 1953, „אַ דיכטער — אַ קולטור שאַפער און גייסטיקער פירער״.

י. ראַבינאָוויטש, אין „קאַנאַדער אָדלער״ יולי 5, 1925, וועגן „בלויע פלאַמען״; דעם 3טן יוני 1956, „אַ חלום ניט דערחלומט״.

מלך ראַוויטש, אין „וואָכנשריפט״ (וואַרשע) 1933; דעם 3טן יוני 1948 אין „אונדזער וואָרט״, פּאַריז; דעם 12טן יוני 1948 אין „קאַנאַדער אָדלער״.

ש. ראַסקין, אין „פר. ארב. שטימע״ 1916, „אַ דיכטער פאַר דער יוגנט״.

יונה ראָזענפעלד, אין „קאל. איד. שטימע״ יוני 1925, באַגריסונג.

ב. ריווקין, אין „צוקונפט״ פעב. 1937, וועגן „הרודעס און ליים״; אין בוך „יידישע דיכטער אין אַמעריקע״ ז. 119.

זלמן רייזען, אין „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור״.

משה רובינשטיין, אין „די שטימע״ (מעקסיקא) יולי 1943 — אַ פאָר געזונט, אויך „טיף פאַרוואָרצלטע און רייפע לידער״.

מ. ריבאַלאָוו, אין „הדאר״ דעם 30טן דעצ. 1948.

ל. שאַפּירא, אין שריפט לכבוד 60־יאָריקן יובל, ל.א. אַפּר. 1939, „ה. רויזענבלאַט״.

דר. יעקב שאַצקי, אין ״בוקלאַנד״ (ענגליש) מאי 1953.

א. שיינזעעל, אין „פאָלקס בלאַט״ 1910, וועגן ערשטן בוך „ליעדער״.

ס. ק. שנעעפאל, אין „צוקונפט״, וועגן ערשטן בוך „ליעדער״.

שלמה שניידער, אין „פר. ארב. שטימע״ אויג. 1935, וועגן „ליים״. דער זעלבער אַרטיקל אין די „ליטעראַרישע בלעטער״.

נח שטיינבערג, אין „פראָלעטאַרישער געדאַנק״ דעם 1טן און 8טן דעצ. 1944, „דאָס ליד פון רייפקייט״, וועגן „מיין ליכטיקע נסיעה״ און „אדמס קינדער״.

א. תלוש, אין זיין בוך „יידישע שרייבער״.

די ביבליאָגראַפיע איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון ש. קאַרפּמאַן און ש. מיללער לויט דעם אַרכיוו וואָס האָט זיך געפונען ביי ה. רויזענבלאַטן. אין דער אַנקעטע פאַרן לעקסיקאָן גיט רויזענבלאַט אָן אַז „אַ צאָל קריטיקן און רעצענזיעס זיינען פאַרלוירן געגאַנגען״, ממילא איז די ביבליאָגראַפיע ניט קיין פולשטענדיקע. ניט אַלע מאָל איז געלונגען פעסטשטעלן דעם דאַטום אָדער אפילו דעם נאָמען פון דער צייטשריפט, וואו דער אַרטיקל איז געדרוקט געוואָרן. איז ניט אויסגעשלאָסן אַז עס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט טעותן. אויב עמיצער וועט באַמערקן אַ טעות און אונדז לאָזן וויסן, וועלן מיר אים דאַנקען דערפאַר.

ש. ק. מ.

# א י נ ה אַ ל ט


סוף פסוק — ש. מיללער ........ 3
באַשער מיר, גאָט ........ 13
כתב־יד ........ 14


## שטילע טריט


נישטאָ קיין פרייד, קיין גרעסערע ........ 17
איך פאָר באַקענען זיך מיט גאָט ........ 18
וואַלד־מעשהלעך ........ 22
ווי שיין די קורצע רגע איז ........ 24
פאַר איין גערעטן ליד ........ 25
אַ שטיל באַשיידן ליד ........ 27
אַ פענצטערל ........ 29
דער בוים וואָס שטאַמט פון עץ־הדעת ........ 30
איינמאָליקער נס ........ 32
באַנייאונג ........ 34
קאַרשן־שוואַרצע אויגן ........ 36
ענדערונג ........ 37
מחשבות בעת דו רויכערסט אַ ציגאַר ........ 38
צום נאָענטסטן ........ 39


## פיאָנערן לאַנד


דאָס ליד פון וואָגלער ........ 43
קאַליפאָרניע ........ 45
אין מדבר וואַקסט אַ שוואַרצע שוואָם ........ 47
איך בין דער פעניקס פויגל ........ 49
צום גאָלדענעם מערב ציען קאַראַוואַנען ........ 51
סאן פראַנציסקאָ — ביינאַכט ........ 55
מיין אויג וועט זיין דיין הארבעריק ........ 56
צום אַקער־בויער ........ 58
שפינוועבס ........ 59
דער ליכטיקער ........ 60

## חלמתי חלום

אַ געהיימע מסיבה . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 63
דער דריטער פליגל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 67
זיבן פּערל־פישער . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 77
די באַלאַדע פון זיבן זקנים . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 82
אַן אורח אין גן עדן . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 84
א מעשה נורא וועגן ים־הקרח . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 92
דער שטיין וואָס האָט אַ האַרץ און וויינט . . . . . . . . . . . . . 94

## שאָטנס

הגר . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 99
תרח וויינט אויף זיינע געטער . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 100
די קרוינונג . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 102
איר לעצטע ים נסיעה . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 104
אַ קול אין דער מדבר . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 106

## פאַנטאַסמאַגאָריע

וועגן קעץ און מענטשן . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 111
חשונדיקער אינדערפרי . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 114
רייד פון הייליקן מטורף . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 116
אין די טעג פון שלושים . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 118
דער בעל תשובה . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 119
נאַרן־וועלט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 120
אָפּגעשריען . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 121
ווידערשטאַנד . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 122
ווען ניט דאָס בלאָנדזשען . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 123
דער מכניס אורח רעדט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 124
טרייסט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 125
אש . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 126
צום פעלשער פון וואָרט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 127
לידער — הירשעלעך . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 129
שעטנז . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 130

## שקיעת החמה


דאָס ליד פון בלויער ליבשאַפט ........................ 133
דאָס רעטעניש „איד" ........................ 135
צום באַרג קלעטערער ........................ 137
שייד־וועג ........................ 138
דאָס גאָט געבענטשטע וואָרט ........................ 139
פאר דיין פשוט ליד ........................ 140
מיט אַ געבויגענעם קאָפּ ........................ 141
צוויי ביימער ........................ 142
אידיליע ........................ 144
דער קורצסטער טאָג אין יאָר ........................ 145
ירושה ........................ 146
אלף־בית ........................ 147


## ע ר ד


ביאָגראַפישע פרטים ........................ 203
ביבליאָגראַפיע ........................ 205